# לידער

## געזונגען פונעם פאלק

געזאמלט
פון
נחום שאכנאווסקי
(נאטאן)

פארלאג נאטאן
פאריז 1958

ISBN:0-657-11574-6 00-594

# לידער

## געזונגען פונעם פאָלק

געזאמלט
פון
נחום שאכנאווסקי
(נאטאן)

פארלאג נאטאן
פאריז 1958

CHANSONS POPULAIRES
RECUEILLIES PAR N. SHAKHNOVSKY

פאַרענדיקט דעם דרוק דעם ערשטן
מערץ איין טויזנט ניין הונדערט
אכט און פופציק אין דער דרוקעריי
„אבעצע“ אין פאריז.

אַרויסגעגעבן דורכן קולטור־צענטער פון „אַרבעטער־רינג“ אין פראַנקרייך



PRINTED IN FRANCE IMPRIME EN FRANCE

איך דריק אויס מיין טיפסטן דאנק
די ארגאניזאציעס און חברים, וואס
האבן דערמעגלעכט דאס דערשיינען
פון דער דאזיקער זאמלונג.

●

איך דאנק :

דעם קאארדיניר־קאמיטעט
פון „בונד“ אין ניו יארק

●

דעם חבר נ. כאנין, גענעראל־
סעקרעטאר פון „ארבעטער־רינג“
אין ניו יארק

●

די חברים און חברטעס :
קובא גאלדבערג, בערני און צירל
שטיינגארט, ישראל שטיינגארט,
מאקס גערטלער, ד. לערער — אלע
אין מאנטרעאל — קאנאדע.

●

בדרך הכלל בין איך זייער פּאַרזיכטיק צו שרייבן הקדמות צו אַ ניי־דערשי־נענעם בוך. אַ פּשיטה שוין צו אַ בוך געזאַמעלטע פאָלקסלידער מיט נאָטן. אמת, אַז די פאָלקסלידער זיינען געשאַפן געוואָרן ניט פון מחבר, נאָר פון פאָלק און וואָר־שיינלעך זיינען אַלע ניגונים צו די לידער אויך געזאַמעלט געוואָרן פון פאָלק, ווי אַזוי מען האָט זיי געזונגען.

צו דעם בוך שרייב איך דעם פאָרוואָרט מיט גרויס אינטערעס, ניט נאָר צוליב די לידער־זאַמלונגען, נאָר אויך צוליב מיין רעספּעקט און דרך ארץ צו דעם מענטשען, מיט וועלכן איך האָב זיך באַגעגנט אין דער קריטישסטער צייט פון אונדזער פאָלקס־לעבן.

אין 1945 בין איך געווען אין פראַנקרייך. איך בין אַהין געקומען כמעט אין דעם טאָג, ווען די לעצטע וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט. מיין ערשטער אָפּשטעל איז געווען פּאַריז און פּאַריז איז יעמאָלט כמעט געווען אַ יידיש־אויסגעליידיקטע שטאָט. אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אומגעקומען אין די גאַזקאַמערן און דער טייל, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט ערשט אָנגעפאַנגען אַרויס־קומען פון די פאַרבאַהאַלטענע לעכער פון אַלע עקן פון פראַנקרייך.

מיין ערשטע באַגעגעניש איז געווען מיט דער פאַמיליע שאַכנאָווסקי, וועלכע איז באַשטאַנען פון אים, זיין פרוי און אַ מיידעלע ווירדזשיניאַ פון אַ דרייצן־פערצן יאָר. זיי זענען פון פּאַריז קיין מאָל ניט אַנטלאָפן: זיי זיינען געבליבן אויף קדיש השם צו העלפן ראַטעווען די יידן, וועלכע קענען זיך נאָך ראַטעווען.

ער איז געווען דער פאַרוואַלטער פון אַן אַרבעטער־קיך, וואָס האָט זיך געפונען אין מעדעם־ביבליאָטעק. ער איז געבליבן דער שומר פון די צוויי אינסטיטוציעס. זיין פרוי איז געווען אַ דייטשקע. וועגן איר האָט מען געקענט זאָגן, אַז זי איז געווען אַ יידישע לאַמעדוואָוניצע. די פאַמיליע איז געווען זיכער, אַז זיי וועלן זיך קענען ראַנגלען מיט די נאַצים און אָפּהאַלטן טיילוויז זייער מעסער צוליב דעם, ווייל די פרוי איז אַ דייטשקע. זי האָט פאַר קיינעם ניט פאַרדעקט, אַז זי איז פאַר־הייראַט צו אַ יידן און אַז זי האָט אַ קינד, וועלכעס האָט באַקומען און באַקומט פון טאַטן אַ יידישע דערציאונג.

די פאַמיליע איז ניט איין מאָל אַרעסטירט געוואָרן, ניט איין מאָל איז דער נאַצישער מעסער געלעגן אויף זייערע העלדזער און דורך נסים האָבן זיי זיך אַלע מאָל געראַטעוועט.

אין וואָס פאַר אַ לאָך יידן זיינען ניט געווען באַהאַלטן אין פראַנקרייך, האָט די פאַמיליע שאַכנאָווסקי געקראָגן פאַר זיי שטילערהייד הילף און האָט זיי געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, אַז זיי זאָלן ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די רוצחים.

וועגן שאַכנאָווסקין און זיין פאַמיליע זיינען לעגענדעס געשאַפן געוואָרן — לעגענדעס פון רעטונג און העלדישקייט. און די משפחה איז מיר ליב געוואָרן.

די משפחה שאַכנאָווסקי האָט קיין מאָל וועגן זייער העלדישקייט קיינעם ניט דערציילט. אפשר האָבן זיי ניט געדאַרפט דערציילן, ווייל אַלע, אַלע האָבן וועגן דעם געוואוסט.

ווען מיר פלעגן זיצן ביי זיי אין הויז, פלעגט דער טאַטע שאַכנאָווסקי האַלטן אין איין ברומען אַ פאָלקסלידעלע, וועלכע ער האָט נאָך געזאַמלט, ווען ער איז נאָך געווען אין זיין שטאָט קרעמענטשוק. ער האָט אַזוינע לידעלעך אַן אוצר געהאַט. און ער האָט אַלע מאָל געטרוימט די לידער אַרויסצוגעבן אין אַ בוך־פאָרם. מיט יעדער ליד האָט ער זיך געקוויקט: ער פלעגט אַלע מאָל זאָגן: „זעט, פריינד כאַנין, וואָס פאַר אַן אוצר אונדזער פאָלק האָט פאַרמאָגט“. זיין יונג טעכטערל ווירדזשיניאַ פלעגט אַלע מאָל זיצן ביי די געשפּרעכן מיט אַן 'אויסגעצויגענער העלזעלע און פלעגט שלינגען יעדעס ליד וואָס דער טאַטע האָט געזונגען. זי אַליין האָט זייער שיין געזונגען אַ גרויסן טייל פונעם טאַטנס געזאַמעלטן רעפּערטואַר. זי האָט אָנגעפאַנגען אויפטרעטן ביי קאָנצערטן און די אַנוועזנדע פלעגן שלינגען יעדע סטראָפע, וואָס זי האָט אַרויסגעזונגען, און אויב די טאָכטער ווירדזשיניאַ איז היינט אַן אָנגעזעענע אַרטיסטין אין ישראל, איז עס צו פאַרדאַנקען דעם איינפלוס, וואָס דער טאַטע האָט אויף איר געהאַט.

ווען איך בין אַוועקגעפאָרן פון פראַנקרייך, האָב איך שאַכנאָווסקין פאַרזיכערט, אַז איך וועל העלפן מיט אַלץ, וואָס איך קען, זיין בוך געזאַמלטע פאָלקס־לידער אַרויסצוגעבן.

ער איז וואַרשיינלעך ביז איצט ניט געווען פאַרטיק מיט דעם מאַנוסקריפּט און יעצט ליגט דער מאַנוסקריפּט פאַר מיינע אויגן און איך וויל העלפן דעם מאַנוסקריפּט צו דערזען די ליכטיקע שיין צוליב צוויי זאַכן:

ערשטנס, זאָלן געזאַמלטע פאָלקס־אוצרות ניט פאַרלאָרן גיין. אויב זיי האָבן אַ ווערט, וועלן זיי געזונגען ווערן און געטראָגן ווערן צו אַלע יידישע ישובים, וואו פאָלקסלידער ווערן געזונגען; און צווייטנס, אַזוי וויכטיק ווי דאָס ערשטע, צו העלפן דעם וואונדערבאַרן שאַכנאָווסקין צו פאַרווירקלעכן זיין לעבנסטרוים.

זאָל דער בוך לידער זיין אַ מתנה צו אים, זיין פרוי און אויך זיין וואונדערבאַרער טאָכטער, וועלכע האָט נאָך ווי אַ קינד באַנומען דעם יידישן אומגליק און האָט אים געהאָלפן, אויף איר קינדערישן וועג צו פאַרלייכטערן.

נ. כאַנין

ליטעראַטור־קריטיק איז נישט מיין געביט. כאָטש מאַטעמאַטיק האָט אַ גרויסע שייכות מיט פּאָעזיע, איז אָבער צו שווער פאַר מיר, זיך צו פאַרנעמען מיט אויסמעסטונגען פון פאָלקס־לידער. אָבער ווי אַ מענטש, וועמען עס איז נאָענט אַלע פאַרמען פון יידישער קולטור־שאַפונג און וועלכער קען דעם אומעט אונדזערן, אויף דער יידישער גאַס נאָך דעם חורבן, דוכט מיר, אַז אַלע באַמיאונגען פון מענטשן צו באַרייכערן מיט עפּעס די געבליבענע אָרעמקייט, דאַרף אונטערשטיצט און געהאָלפן ווערן.

דעריבער טאַקע האָב איך אָנגענומען די ווענדונג פון נאַטאַן שאַכנאָווסקי. וואָס איז מיין אַלטער פריינט, אָנצושרייבן אַ פּאָר ווערטער צו זיין בוך זאַמלונג פון יידישע לידער.

אויב פעלקער ווילן אויפהאַלטן זייער אייגנטימלעכקייט און עס איבערגעבן מדור לדור — דאַרף מען זאַמלען שטענדיק, זאָרגפעליק זייערע פאָלקלאָר־אוצרות, ד.ה. פאַרשיידענע שפּרוכן, ווערטלעך, גלייכווערטלעך, לידער און כל המינים טעקסטן.

ביי אונדז יידן זענען אין די לעצטע יאָר־צענדליקער פאַרן חורבן געזאַמלט געוואָרן אוצרות מיט יידישן פאָלקס־שאַפן.

דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט ייוו״אָ האָט אין ווילנע געהאַט אַ באַזונדערע סעקציע, געווידמעט פראַגן פון פאָלקלאָר. צענדליקער יידישע זאַמלער פון צווישן דער אינטעליגענץ, פאָלקסמענטשן און פּשוטע זאַמלער האָבן באַרייכערט דעם ייוו״אָ־אַרכיוו מיט רייכע און קאָלירפולע זאַמלונגען פון דעם מין.

אפילו אין די שווידערלעכע טעג פון דער היטלער־תקופה האָבן יידישע מענטשן אין די אוממענטשלעכסטע באַדינגונגען פון געטאָ, לאַגער, באַהעלטעניש און בונקערס געשאַפן כל המינים שפּרוכן, ווערטלעך, לידלעך, אַלערליי טעקסטן אויף דער נאַצי־רשעות און אויף דעם ביטערן יידישן גורל. ווער קען פעסטשטעלן, וויפל פון די דאָזיקע פאָלקלאָר־שאַפונגען זענען פאַרבליבן און מען ווייסט נישט וועגן זיי. די גרעסטע טייל אָבער איז פאַרשוואונדן צוזאַמען מיט די פאַרשניטענע קרבנות.

ביז היינט צו טאָג, נאָך דער גרויסער קאַטאַסטראָפע און ביי דער אָרעמקייט אין דער יידישער גאַס, איז אַ גרויסער פאַרדינסט פון דעם אונדערמידלעכן שאַכנאָווסקי אַזוי זאָרגפעליק אָפּצוהיטן אַ טייל פון יידישן פאָלקס־אוצר.

זיין זאַמלונג וואָס באַשטייט פון: חסידישע מאָטיוון ווו עס קומט צום אויסדרוק דער קולט פאַרן הייליקן רבין אין דער סוויטע פון זיינע חסידים;

סאָציאַלע מאָטיוון: די אומרעכט און פאַרשקלאַפטקייט פון יידישן אַרבעטסמענטש;
ליבע־מאָטיוון: די ערלעכקייט און געפילן ביים פאָלקסמענטש;
סאַטירע־לידער — אויף דער לאַגע פון אַרבעטסמענטש און דעם רייכן בעל גוף.
לידער וואָס לאַכן אָפּ פון די אַלע אַסימילאַטאָרן ווען עס איז פרעמד דאָס יידישע וואָרט, אאַז״וו.

די זאַמלונג פון פאָלקסלידער, צוזאַמענגעשטעלט פון שאַכנאָווסקי, איז ווערט צו קומען צו דער עפנטלעכער וועלט. דאָס איז אַ וואַגיקער ביישטייער צו די זאַמלונגען פון יידישן שאַפן.

פראָפ. מ. קיווילאָוויטש

ביי די אומות העולם האָבן זיך די גרעסטע מוזיקער פאַרנומען מיט פאָלקלאָר. ביי די אונגאַרן פאַרצייכענען מיר דעם נאָמען פון בעלא באַרטאָק. ביי די רוסן באַמערקן מיר אַ פאָלקסטימלעכע נייגונג אין די ווערק פון מוסאָרגסקי. דער אייגנאַרטיקער פוילישער מאָטיוו האָט געפונען זיין תיקון ביים אומשטערבלעכן שאָפּען. די פּרעכטיקע מעלאָדיע פון שפּאַניאָלישן פאָלקלאָר האָט אַזוי וואונדערבאַר באַרייכערט די ווערק פון די נאַציאָנאַלע מוזיק־שאַפער.

ביי אונז יידן האָבן זיך פאַרנומען מיטן אייגנאַרטיק־יידישן מאָטיוו אַזעלכע מוזיקער און זאַמלער ווי ענגעל, זשיטאָמירסקי, וואַרשאַווסקי, כהן, קיפּנים און אַנדערע.

די איצטיקע זאַמלונג פון נאַטאַן שאַכנאָווסקי איז אַ זעלטענער המשך פון דער גאָלדענער קייט, וואָס באַצירט און באַשיינט דעם אוצר פון אונדזער פאָלקסטימלעכקייט.

די זאַמלונג צייכנט זיך אויס מיט לידער, וואָס דער מחבר האָט זיי געזאַמלט, נאָטירט און געזונגען אַ לעבן לאַנג, לידער וואָס מיר טרעפן זעלטן אין אַנדערע זאַמלונגען.

דער מוזיקאַלישער טעקסט איז קלאָר, איינפאַך, היימיש, פאַרשטענדליך, טאַקע אַזוי פאָלקסטימלעך ווי די נאַטירלעכע יצירה וואָס איז געבליבן דער גרויסער סוד פון אַלץ, וואָס איז געלונגען און סימפּאַטיש.

יעקב בערלינסקי

# אינהאלט


| | |
|---|---|
| מאמעניו ליובעניו | 17 |
| איך גיי זיך מיר צום ברונעם | 18 |
| יאָרן ציִען, יאָרן פליִען | 19 |
| די זון פארגייט פאר נאַכט | 20 |
| דאָס ביימעלע | 21 |
| אויף דעם בית־הקברות | 22 |
| די פארלאָזענע | 23 |
| אַ צוואה פון אַ מוטער | 24 |
| גנבים־ליד | 26 |
| דאָס פאָסטוכל | 27 |
| דער פאָסטוך | 28 |
| דאָס פאָסטוכל | 30 |
| איך וואונדער זיך אויף קיינעם | 31 |
| יערושאָלאים סלאָווני גאָראָד | 32 |
| אַ נייטאָרין | 34 |
| די פאַבריק | 36 |
| בענקשאַפט | 37 |
| דער אַלטער מאַן | 38 |
| דינען, דינען | 42 |
| ווינט... ווינט... | 44 |
| וויפל האָט דער ייד | 45 |
| דאָס אויג | 46 |
| דאָס יידעלע | 48 |
| אין דער אַלטער צייט | 50 |
| די שטונדע שלאָגט אויס | 52 |
| די מסורה | 54 |
| די בלום | 56 |
| מחדש זיין די לבנה | 60 |
| די אייזנבאַן | 62 |

| | |
|---|---|
| שבת מאכן | 63 |
| שבת | 64 |
| נסים | 65 |
| ערב פורים | 66 |
| דעם רבינס וואונדער | 67 |
| פירט דעם רבין | 68 |
| דער צבועיאַק | 70 |
| וואו נעמט מען פרנסה | 72 |
| גאָט און זיין משפט | 74 |
| צוויי וועלטן | 76 |
| דאָס וואָרט נו | 78 |

# MAMENYU LYUBENYU

Modto (♩ = 138)

Ma - me - nyu lyu - be - nyu, — ma - me - nyu du - she - nyu,
ikh darf mit dir tzvey ver - ter re - dn, —— ikh darf mit dir tzvey ver - ter
re - dn —— Ikh hob zikh ayn - ge - libt in a sheyn yin - ge - le, zolst mikh fun
im nit tze - shey - dn, —— ikh hob zikh ayn - ge - libt in a sheyn yin - ge - le,
zolst mikh fun im nit tze - shey - dn. —— Oy, — yer es vet — undz bey - dn tze -
- shey - dn, — ye - ner vet nit ho - bn keyn gu - tn sof, —— oy, — ver es
vet — undz bey - dn tze - shey - dn, — ye - ner vet nit ho - bn keyn gu - tn sof ——
Men vet dokh ta - ke tzvey kin - der op - koy - le - nen a - zoy vi der shoy - khet dem of. ——

# מאמעניו ליובעניו

1

מאַמעניו ליובעניו, מאַמעניו דושעניו,
איך דאַרף מיט דיר צוויי ווערטער רעדן :
|: איך האָב זיך איינגעליבט אין אַ שיין יינגעלע,
זאָלסט מיך פון אים נישט אָפּשיידן. :|

2

אוי, ווער עס וועט אונדז ביידן צעשיידן,
יענער וועט נישט האָבן קיין גוטן סוף :
|: מ'וועט דאָך טאַקע צוויי קינדער אָפּקוילען,
אַזוי ווי דער שוחט דאָס עוף. :|

3

שפּאַצירן זענען מיר ביידע געגאַנגען,
געטראָגן די מופּטע אויף דער האַנט.
|: לייטן האָבן געזאָגט, אַז ב'אונדז קיין לעבן נישט זיין,
מיר'ן שלאָגן קאָפּ אין דער וואַנט. :|

4

אַזוי שפּאַצירן זענען מיר ביידע געגאַנגען,
מיר האָבן באַטראַכט יעדעס בוימעלע ביז גאָר.
|: לייטן האָבן געזאָגט, אַז ב'אונדז קיין לעבן נישט זיין,
און מיר וועלן זיין אַ גליקלעכע פּאָר. :|

# IKH GEY SIKH MIR TZUM BRUNEM

**Allegretto** (♩ = 138)

Ikh gei zikh mir tzum bru - nem va - ser on - tzu - ne - men. Shte yen shteyt dort a sheyn mey - dl, ikh ken zi dokh nit ne-men; shte-yen shteyt dort a sheyn meydl, ikh ken zi dokh nit ne-men.

# איך גיי זיך מיר צום ברונעם

ער:

איך גיי זיך מיר צום ברונעם
וואַסער אָנצונעמען,
|: שטייען שטייט דאָרט אַ שיין מיידל,
איך קען זי דאָך נישט נעמען. :|

זי:

גיי אַרויס אַ בער פון וואַלד
און לערן אים אויס שרייבן.
|: אָט דאָ דעמלט און אָט דאָ דעמלט
וועל איך דיינע בלייבן. :|

ער:

איך וועל אַרויסנעמען אַ בער פון וואַלד
און וועל אים אויסלערנען שרייבן.
|: האָב זשע מיר זיבן קינדער,
אַ מיידל זאָלסטו בלייבן. :|

זי:

איך וועל דיר האָבן זיבן קינדער
און אַ מיידל וועל איך בלייבן.
|: מאַך זשע מיר זיבן וויגלען
אַן האָלץ און אָן געצייג. :|

ער:

איך וועל דיר מאַכן זיבן וויגלען
אָן האָלץ און אָן געצייג.
|: גיי מיר אויף זיבן העמדער
אָן נאָדלען און אָן זיידנס. :|

זי:

איך וועל דיר אויפנייען זיבן העמדער
אָן נאָדלען און אָן זיידנס.
|: מאַך זשע מיר אַ לייטערל,
צום הימל זאָל ער שטייגן. :|

ער:

איך וועל דיר מאַכן אַ לייטערל,
צום הימל זאָל ער שטייגן.
|: צייל מיר איבער אַלע שטערן,
קיין איינער זאָל נישט בלייבן. :|

זי:

איך וועל דיר איבערציילן אַלע שטערן,
קיין איינער וועט נישט בלייבן.
|: דו ביסט אַ נאַר און איך אַ קלוגע,
נאָר מיר ביידע שווייגן. :|

## YORN TZIEN, YORN FLIEN

**Allegretto** (♩ = 152)

Yo – rn tzi — en, yo — rn fli — en, di tzayt geyt a-
– vek mit dem roykh; ——— un az ikh der – man zikh in dir, mayn zis
le – bn, geyt mir oy – set mayn koy – ekh, —— un az ikh der-
– man sikh in dir, mayn zis le – bn, geyt mir oy – set mayn koy — ekh

# יאָרן ציִען יאָרן פליִען

1

יאָרן ציִען, יאָרן פליִען,
די צייט גייט אַוועק מיטן רויעך (רויך),
|: און אַז איך דערמאָן זיך אין דיר, מיין זיס לעבן,
גייט דאָך מיר אויס מיין קויעך (כוח). :|

2

מיינע קויעבלעך גייען מיר אויס,
דער צווייטער קען דאָס נישט פילן.
|: דעם צענטן, דושעניו, וועל איך פאַרזאָגן,
מ'זאָל דאָך קיין ליבע נישט שפּילן. :|

3

אַז אַ מיידעלע שפּילט אַ ליבע,
שפּילן אין איר אירע פאַרבן.
|: אוי, אַז זי שפּילט און שפּילט נישט אויס,
יונגערהייט קען זי שטאַרבן. :|

4

שטאַרב זשע נישט, ליובעניו, שטאַרב זשע נישט, דושעניו,
נישט דו ביסט די ערשטע אויף דער וועלט.
|: גאָט קלויבט נישט איבער קיין שיינע, קיין פיינע,
אַזוי איז די וועלט געשטעלט. :|

# DI ZUN FARGEYT FAR NAKHT

**Allegro** (♩ = 126)

Di zun far-geyt far nakht kukt sikh tzu, in gas ——
dreyt sikh a-rum a fray-ln, —— di oy-gn bay ir nas, ——
dos hartz veynt in ir, nokh ve men zi kukt a-roys. dos ge zikht iz bay ir
blas, di mi-nu-tn tzu groys, dos hartz veynt in ir, nokh ve-men si kukt a-
-roys, dos ge-zikht iz bay ir blas, di mi-nu-tn tzu groys

# די זון פארגייט פאר נאכט

1

די זון פאַרגייט פאַר נאַכט
קוקט זיך צו אין גאַס.
דרייט זיך אַרום אַ פריילין,
די אויגן ביי איר נאַס.
דאָס האַרץ וויינט אין איר,
נאָך וועמען זי קוקט אַרויס,
דאָס געזיכט איז ביי איר בלאַס
ווי די מינוטן צו גרויס.

2

איי גאָט, וואָס ווילסטו פון מיר האָבן,
דו האָסט צוגענומען מיין שיין גאָלד
און ער איז אַוועקגעפאָרן.
דו האָסט צוגענומען מיין לעבן
מיין חיות און מיין געלט
: און ער איז אַוועק
אוי, גאָר קיין עק וועלט. :|

3

אָט דאָרט און אָט דאָרט
מיט דאָס וואַסער פליסן ---
אַז אַך און אַז ווי איז צו מיינע יאָר,
כ'האָב דאָרט געטאָן מיט מיין געליבטן זיצן.
: אָט דאָ וועל איך זיצן און וועל האַרן אויף מיין גליק,
ביז וואַנען ער וועט גיין און קומען צוריק. :

# DOS BOYMELE

**Mod**to (♩ = 112)

Voyl iz dem boy- me - le, vos vakst in gor —— tn

voyl iz der ma- men, az az dos kind iz ge – ro – tn.

Voyl der ma- men, voyl dem kind, Voyl iz dem gan — tzn hoyz - ge - zind.

# דאָס ביימעלע

1

וואויל איז דעם ביימעלע וואָס וואַקסט אין גאָרטן.
וואויל איז דער מאַמען, אַז דאָס קינד איז געראָטן.
וואויל דער מאַמען, וואויל דעם קינד
וואויל דעם גאַנצן הויזגעזינד.

2

וואויל איז דעם ביימעלע וואָס וואַקסט ביים וואַסער,
וואויל איז דער מאַמען, אַז דאָס קינד איז גרעסער.
וואויל דער מאַמען, וואויל דעם קינד
וואויל דעם גאַנצן הויזגעזינד.

3

וואויל איז דעם ביימעלע וואָס וואַקסט אין פעלד,
וואויל איז דער מאַמען, אַז דאָס קינד האָט אַ סך געלט.
וואויל איז דער מאַמען, וואויל איז דעם קינד,
וואויל איז דעם גאַנצן הויזגעזינד.

4

וואויל איז דעם ביימעלע וואָס וואַקסט ביים טייך
וואויל איז דער מאַמען, אַז דאָס קינד ווערט רייך.
וואויל איז דער מאַמען, וואויל איז דעם קינד,
וואויל איז דעם גאַנצן הויזגעזינד.

5

וואויל איז דעם ביימעלע וואָס וואַקסט אין וואַלד,
וואויל איז דער מאַמען, אַז דאָס קינד ווערט אַלט.
וואויל איז דער מאַמען, וואויל איז דעם קינד,
וואויל איז דעם גאַנצן הויזגעזינד.

# OYF DEM BEYS-HAKVORES

Mod[to] (♩ = 112)

Oyf dem beys ha — kvo — res. un — ter a ma — tzey — ve dor — tn, hert zikh a — kol — fun a toy — ter ne — key — ve. oy, zi shrayt un veynt: oy — vey mir un vind, vos vil di — shtif — mu — ter fun mayn eyntzik kind!

# אויף דעם בית-הקברות

1

פון אונטער אַ מצבה, דאָרטן הערט זיך אַ קול
פון אַ טויטער נקבה.
זי שרייט און וויינט: אוי ווי איז מיר און ווינד,
וואָס וויל די שטיפמוטער פון מיין איינציק קינד.

2

אוי יעקב, יעקב, דו ביסט מיין מאַן
און דו ביסט דעם קינדס פאָטער
און דו ביסט זיין טיראַן.
‖: צי דען ביסטו פון אייזן, דיין האַרץ איז פון שטיין
אַז פון דעם קינדס הייסע טרערעלעך קען מען צעגיין. :‖

3

אוי זע ווי די שטיפמוטער וואַרפט אים אַנידער,
אוי זי רייסט אים, זי בייסט אים, זי ברעכט אים די גלידער
‖: ער וואַרפט זיך אַהין און ער וואַרפט זיך אַהער,
און זי שטייט איבער אים ווי אַ ווילדער בער. :‖

4

מיט דעם בלוט פון מיין האַרצן
האָב איך אים געזויגן,
אוי, איך האָב אים געוואַשן
מיט די טרערן פון מיינע אויגן.
היינט וואַרפט מען אים אַרום
און מען ברעכט אים די ביינער
ער שרייט און ער וויינט
און עס העלפט אים נישט קיינער.

5

דאָס קינד:
אוי מאַמע, מאַמע, העלף זשע מיר,
און אַז דו קענסט מיר נישט העלפן,
טאָ נעם מיך צו דיר.
ווי אַזוי קענסטו ליגן אין קבר איינהערן,
אַז עס רינען דיר אַריין דיין יתומלס טרערן.
ווי אַזוי קענסטו ליגן אין קבר באַרוט,
אַז עס רינט דיר אַריין דיין יתומלס בלוט.

# DI FARLOZENE

Recitando

On - ge - shpart oyf dem e —— ln — boy — gn zitzt a
froy shpet bay nakht un tre ———— rn gi - sn
zikh, oy, fun i — re oy — gn. Got veys, — vos zi zitzt un
trakht.

# די פארלאזענע

1

אָנגעשפּאַרט אויף דעם עלנבויגן
זיצט אַ פרוי שפּעט ביי נאַכט.
אוי, טרערן גיסן זיך פון אירע אויגן,
גאָט ווייסט, וואָס זי זיצט און טראַכט.

2

פון מיין אומגליק טוט נישט פילן קיינער,
עס טוט דאָך קיינעם נישט קיין ריר,
אַז איך בין געבליבן אַן עגונה מיט זיבן קינדער —
אָך און וויי איז צו מיר.

3

אויף דעם באַרג שטייט אַ טויב,
טו איך צו איר פאַרברומען.
איך האָב ערגעץ אַ גוטן פריינט
און קען צו אים נישט קומען.

4

בעכער (באָכן) טרערן טוען רינען
אוי, פון מיינע אויגן,
ווען איך וואָלט געהאַט פליגעלער
וואָלט איך צו אים געפלויגן.

# A TZAVOE FUN A MUTER FARN TOYT

Modto (♩ = 112)

Ruft mir a — arayn, oy — Moy-she-le mayn kind, ikh
darf im e - pes on — zo — gn. ——— Her nor oys, du
Moy-she-le mayn kind du zolst nit vey - nen un klo — gn. ——
——— Oy — du vest on — ku — men tzu a shtif — mu — ter, oy
fol - gn zolst du, vos zi vet dir zo — gn. ——— Un
az du vest zi fol — gn, vos zi vet dir zo — gn, zayn vest du bay
ir a voyl kind ——— Oy un az du vest nit fol — gn, vos zi vet dir
zo — gn, a-roys-tray-bn vet zi dikh vi a hunt, —— oy a hunt. ——

# א צוואה פון א מוטער פארן טויט

1

רופט מיר אַריין משהלען מיין קינד,
איך דאַרף אים עפּעס אָנזאָגן.
הער נאָר אויס, אוי משהלע מיין קינד,
דו זאָלסט נישט וויינען און קלאָגן.
דו וועסט אָנקומען צו אַ שטיפמוטער,
פאָלגן זאָלסטו זי, וואָס זי וועט דיר זאָגן.

2

און אַז דו וועסט זי פֿאָלגן
וואָס זי וועט דיר זאָגן,
זיין וועסטו ביי איר אַ וואויל קינד.
און אַז דו וועסט נישט פֿאָלגן
וואָס זי וועט דיר זאָגן,
אַרויסטרייבן וועט זי דיך ווי אַ הונט.

3

רוף מיר אַריין יאַנקעלען מיין מאַן,
איך דאַרף אים עפּעס אָנזאָגן.
הער נאָר אויס, יאַנקעלע מיין מאַן,
דו זאָלסט נישט וויינען און קלאָגן.
דו וועסט זיך נעמען די אַנדערע פֿאָר,
לעבן זאָלט איר ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.
נאָר מיינע קינדערלעך זאָלסטו נישט פֿאַרגעסן,
זיי זאָלן ביי דיר הונגעריק נישט זיין,
זיי זאָלן נישט וויינען, זיי זאָלן נישט קלאָגן,
קיין פרעמדע זאָל קיין מאַמע נישט זיין.

# GANOVIM-LID

**Allegro** (♩ = 138)

In droy-sn geyt a re-gn, in droy-sn geyt a
shney, ikh trog im di vo-luv-kes, vind iz mir un vey. Ikh bin in akh-tn
khoy-desh, ikh trog unter'n har-tzn a kind. Ven vet dos an
en-de ne-men, vey iz mir un vind. Fey ge le mayn le-bn,
fey-ge-le nit veyn, oy zol mikh do a du ner tre-fn, oyb ikh an-dersh
meyn. Oy zol mikh do a du-ner tre-fn, oyb ikh an-dersh meyn.

# גנבים-ליד

זי :

אין דרויסן גייט אַ רעגן, אין דרויסן גייט אַ שניי,
איך טראָג אים די וואַלוואוקעס, ווינד איז מיר און וויי.
איך בין אין אַכטן חודש, איך טראָג אונטערן האַרצן אַ קינד.
ווען וועט דאָס אַן ענדע נעמען און וויי איז מיר און ווינד.

ער :

|: פייגעלע מיין לעבן, פייגעלע נישט וויין!
אוי זאָל מיך דער דונער טרעפן, אויב איך אַנדערש מיין. :|

זי :

ביי מיין מאַמן האָב איך אָפּגעהאַקטע יאָר,
רק ער שעלט, רק ער שרייט,
און רייסט נאָך פאַר די האָר.

ער :

|: זאָלסט זאָגן דיין מאַמן, אַז איך לעב נאָך אויך,
איך וועל אים מיט אַ מעסער עפענען דעם בויך. :|

זי :

אויך ביי מיין מאַמען איז מיר דאָס לעבן שווער,
רק זי שעלט, רק זי שלאָגט
און שיקט מיך אין דער ערד.

ער :

|: זאָלסט זאָגן דיין מאַמען, אַז איך בין אַ יאַט,
איך וועל זי מאַכן שפּיל אויף אַ לאַנגער צייט. :|

זי :

אויך מיין ברודער לאָזט מיך נישט צו רו,
רק ער שלאָגט און ער שעלט
און לייגט נאָך אַנדערע צרות צו.

ער :

|: זאָלסט זאָגן דיין ברודער, ער זאָל זיין געהיט,
יאָך וועל אים אַ קאַלטן לייגן, ווי איך בין אַ ייד. :|

# DOS PASTEKHL

**Recitando**

S'hot zikh a zun a brey-te tze-shpreyt, tze-go-sn oyf
len-gen un brey-tn. Hot men di fel-der mit gri-ke far-zeyt, mit
krig-len ba-han gen di ploy-tn. — Fayft zikh a pas-tu-khl — in ge-sl leng
oys, gre-ze-lekh fri-shin-ke na-se. Kum trayb di tche-re-de gi-kher a-roys, ge-
greyt vo-rn fri-shin-ke pa-she. — To kum kum, ki-e-le,

REFRAIN (♪ = 120)

kum a-roys, host a gre-ze-le frish un groys,
shey-ne her-ner-lekh, brey-te noz, kay kay, ki-e-le, groz di groz.

FIN

# דאָס פּאַסטוכל

ס'האָט זיך אַ זון אַ ברייטע צעשפּרייט
צעגאָסן אויף לענגען און ברייטן,
האָט מען די פעלדער מיט גריקע פאַרזייט,
מיט קריגלעך באַהאַנגען די פּלויטן.

פייפט זיך אַ פּאַסטוכל אין געסל לענגאויס
– גרעזעלעך פרישענקע, נאַסע – :
קום טרייב די טשערעדע גיכער אַרויס,
ס'איז געגרייט וואָרן פרישענקע פּאַשע.

טאָ קום, קום, קיעלע, קום אַרויס,
האָסט אַ גרעזעלע פריש און גרויס;
שיינע הערנערלעך, ברייטע נאָז —
קיי, קיי, קיעלע, גראָז — אוי גראָז.

גייט זיך אַ קיעלע, קוים וואָס זי גייט
און קוקט אויף דעם גראָז, אויף דעם גרינעם,
גיט זיך אַ שמעק און גיט זיך אַ טראַכט,
אַז גוט איז דאָס גראָז נאָר באַגינען.

פרייט זיך דאָס פּאַסטוכל, דאָס קיעלע עסט,
פולער וועט ווערן די אייטער;
טרינקען דער טאַטע וועט פרישענקע מילך
און געזונט וועט ער ווערן באַלד ווייטער.

# DER PASTUKH

Modto (♩ = 112)

Ver stra - da - yet nokh a - zoy oyf der velt vi ikh bid ___ ner
yung? Mayn ne - fe - shl hob ikh ___ far - koyft ___ far gelt
tzu di - nen e ___ rnst mayn virt. A gan - tzn ___ tog
hit ikh may - ne schof ___ fun fri biz shpet in der nakht. Oyf
ve - men iz nokh a - za bi - te - re shtrof ___ un ver vet nokh a - zoy far-
- shmakht: A gan - tzn tog oyf di fel - der, in a - le pus - te vel - der. Ikh far
- shelt zikh mayn le - bn, oy, a - leyn. Nor dos iz mayn ne - kho - me, ikh
kvel fun der ha - shmo - le, ven di she - fe - lekh shra ___ yen: ___ Me

# דער פאסטוך

1

ווער סטראַדאַיעט נאָך אַזוי אויף דער וועלט
ווי איך בידנער יונג,
מיין נפשל האָב איך פאַרקויפט פאַר געלט
צו דינען ערנסט מיין ווירט.
אַ גאַנצן טאָג היט איך זיינע שאָף
פון פרי ביז שפעט אין דער נאַכט.
אויף וועמען איז נאָך אַזאַ ביטערע שטראָף
און ווער ווערט נאָך אַזוי פאַרשמאַכט?
אַ גאַנצן טאָג אין די וועלדער,
אין אַלע פּוסטע פעלדער.
איך פאַרשעלט זיך מיין לעבן, אוי, אַליין.
נאָר דאָס איז מיין נחמה,
איך קוועל פון דער השלמה,
אַז די שעפעלעך שרייען מע, מע, מע.

2

אַ בליאַסק אויף דעם טאָג אַרום זייגער צוויי,
עס איז שוין צייט, אוי, אויפצושטיין.
געווים האָט שוין דער האָן געגעבן אַ קריי, טאַ ראַ ראַ ראַ ראַ.
איך נעם מיר מיין פייפעלע און גיב מיר אַ פייף
די אמתע תקוה־גדולה,
און פון אַלע פיר עקן
טוט מען מיך אויפוועקן.
איך פאַרשעלט זיך מיין לעבן, אוי, אַליין.
נאָר דאָס איז מיין נחמה,
איך קוועל פון דער השלמה,
אַז די שעפעלעך שרייען מע, מע, מע.

# DOS PASTUKHL

**Allegretto** (♩. = 96)

Ikh bin nit mer vi a bid – ner pas – tukh un tzu der –
tzu —— a schoy-mer. —— A gan – tzn tog lig ikh in
feld un es tri-knt in mir may– ne bey- ner, —— a gan — tzn tog ——
lig ikh in feld un es tri-knt in mir may-ne bey – ner. ——

# דאס פאסטוכל

1

איך בין נישט מיין ווי אַ בידנער פאַסטוך
און צו דעם צו אַ בידנער שומר;
|: אַ גאַנצן טאָג ליג איך אין פעלד
און עס טרוקנט אין מיר מיינע ביינער. :|

2

זומער פאַר טאָג, די לופט איז פריי,
מיין איך, אַז דאָ איז מיין רו;
|: קומט צו לויפן אַ וואָלף פון דער זייט
און כאַפּט ביי מיר אַ שעפעלע צו. :|

3

איך שריי דעם וואָלף: נישט רייס, נישט בייס!
איך שריי מיט אַ ווילד געשריי;
|: קומט צו לויפן אַן אַנדער וואָלף
און כאַפּט ביי מיר שעפעלעך צוויי. :|

4

פון גרויס יאָמער און פון גרויס קלאָג
האָב איך זיך אַליין פאַרגעסן;
|: אוי, לויפט אַ שעפעלע אין פייער אריין!
און קערט מיר איבער מיין עסן. :|

5

זומער פאַר טאָג, די לופט איז פריי,
אוי, נעם איך זי אין זיך אריין,
|: אָט דעמאָלט בעט איך דאָך מיין זיסן גאָט,
איך זאָל מער קיין פאַסטוך נישט זיין. :|

# IKH VUNDER ZIKH OYF KEYNEM

**Allegro Mod**to ( ♩ = 100)

Ikh vun-der zikh oyf key — nem vi oyf zikh a – leyn, —
vi oyf zikh — a – leyn, ikh hob zikh nit ge-rikht, az
may – ne yun – ge yo — rn zo — ln a – zoy gikh a – vek –
geyn, ikh — hob zikh nit ge – rikht, — az
may – ne yun-ge yo — rn zo — ln a – zoy gikh a – vek — geyn. —

# איך ווונדער זיך אויף קיינעם

1

איך ווונדער זיך אויף קיינעם
ווי אויף זיך אַליין
ווי אויף זיך אַליין.
איך האָב זיך נישט געריכט,
אַז מיינע יונגע יאָרן זאָלן אַזוי גיך אַוועקגיין.

2

דאָרט זיצט אַן אלמנה, אוי, מיט דריי יתומים,
אוי, מיט דריי יתומים.
אוי, זיי פֿאַלן נעבעך
נעבעך אויפֿן פּנים
פֿון דאָרשט און פֿון הונגער און פֿון קעלט.

3

ניי=געבוירענע קבצנים
זיי וואַקסן ווי גראָז אויף דעם פעלד,
אוי, זיי לײדן נעבעך
נעבעך גרויסע צרות
פֿון נויט און פֿון הונגער און פֿון קעלט.

# YROUSHOLAYIM SLAVNY GOROD

Mod[to] (♩ = 104)

Ye– ru-sho – la – yim slav – ny go – rod, lyu – dy go – vo –
ri — li, lyu – di go – vo – ri — li;
Ye – ru-sho-la-yim slav-ny go-rod, lyu – di pokh – va li – li,
Ye – ru-sho-la-yim slav-ny go-rod, lyu – di pokh va li – li.

# יערושאלאים סלאווני גאראד

1

יערושאָלאַים סלאַווני גאָראָד, ליודי גאָוואָרילי,
ליודי גאָוואָרילי,
|: יערושאָלאַים סלאַווני גאָראָד, ליודי פּאָכוואַלילי
ליודי פּאָכוואַלילי :|

2

ער טי כאַווא, כאַווא נאַשאַ מאַטץ
טשעהאָש טי יעלאַ איז עץ האַדאַם (עץ־הדעת) ?
|: יעסליבי טי ניע יעלאַ איז עץ האַדאַם,
ני פּריוויעלאַ טי סמערט נאַ נאַם. :|

3

ער טי אַבראַם, אַבראַם סיווי,
טשעהאָש טי זשאַזורילסאַ ?
|: פּריוויעל סינאַ דאָ עקדה
אי דאַראָם פּאָטרודילסאַ. :|

4

ער טי יצחק, יצחק נאַש אָטיעץ
ביל טי סוויאַזאַן קאַק באַראַניעץ.
|: סטאַלי מלכים פּלאַקאַטי
וויעלע באָג פּוסקאַטי. :|

5

ער טי יעקב, יעקב באַטקאָ נאַש,
טשעטירנאַצעט לעט טי אָווצע פּאַס.
|: טשעטירנאַצעט לעט טי אָווצע פּאַס
סעם זאַ רוכלי אי סעם נאַ פּראַז. :|

צוזינג :

יערושאָלאַים סלאַווני גאָראָד, ליודי גאָוואָרילי,
ליודי גאָוואָרילי,
|: יערושאָלאַים סלאַווני גאָראָד, ליודי פּאָכוואַלילי.
ליודי פּאָכוואַלילי. :|

# A NEYTORN

**Allegretto** (♩ = 126)

Ikh bin mir a ney – to – rn dos ney - dl iz mayn far – meg; ikh hob nit vos tzu day – ge-nen oyf mor–gen - di – kn tog. Ikh darf nit keyn mil – yo -nen, es iz mir nit keyn noyt — a – bi ikh ken far – di - nen mayn shti — ke - le broyt. Oy oy, ——

REFRAIN

ney zhe ney zhe ney-de - le, glaykh zol zayn der not. Drey zhe mit dem re – de – le rikh - tik sheyn un glat. Ney – en darf a mey - de – le, az zi vil zayn zat, un dos letz - te hem - de – le far – tik shoyn ki – mat.

# א נייטאָרין

1

איך בין מיר אַ נייטאָרין,
דאָס נערל איז מיין פאַרמעג.
איך האָב נישט וואָס צו דאגה׳נען
אויף מאָרגנדיקן טאָג,
איך דאַרף נישט קיין מיליאָנען
עס איז מיר נישט קיין נויט.
אַבי איך קען פאַרדינען
מיין שטיקעלע ברויט.

רעפריין :

אוי, אוי, ניי זשע, נערעלע,
גלייך זאָל זיין דער נאָט,
דריי זשע מיט דעם רעדעלע
ריכטיק שיין און גלאַט.

נייען דאַרף אַ מיידעלע,
אַז זי וויל זיין זאַט
און דאָס לעצטע קליידעלע
פאַרטיק שוין כמעט.

דאָרט פראַנטירט אַ מיידעלע,
דעם טאַטן איז זייער גוט;
דאָס לעצטע מינדסטע קליידעלע
קאָסט אָפּ דעם טאַטן בלוט;
ער לערנט זי זינגען און שפּרינגען
און טאַנצן קאָזאַטשאָק,
זי ברענגט אים אויס אין גאַנצן
בלייבט ער ביים באַנקראָט.

רעפריין :

אוי, אוי, גיי זשע, נערעלע,
גלייך זאָל זיין דער גאָט,
דריי זשע מיט דעם רערעלע
ריכטיק שיין און גלאַט.

גייען דאַרף אַ מיידעלע,
אַז זי וויל זיין זאַט
און דאָס לעצטע קאָפּטעטשקע
פאַרטיק שוין כמעט.

3

איך בין מיינע עלטערן
קיין מאָל נישט צו לאַסט.
איך קום צו גיין, קוועלן זיי אָן,
איך בין ביי זיי אַ גאַסט.
עסן, שיך און קליידונג
גיט מיר מאַגאַזין.
איך וויים נישט פון קיין ליידן,
פון וואָס ווערן מיידלעך געל און גרין.

רעפריין :

אוי, אוי, גיי זשע, נערעלע,
גלייך זאָל זיין דער גאָט,
דריי זשע מיט דעם רערעלע
ריכטיק שיין און גלאַט.

גייען דאַרף אַ מיידעלע,
אַז זי וויל זיין זאַט
און דאָס לעצטע העמדעלע
פאַרטיק שוין כמעט.

# DI FABRIK

Modto (♩ = 104)

Es loy - fn, yo - gn di ma - shi - nen un in fab - rik iz shti - knt heys
un fun shte - rn zet men ri - nen di - ke tro - pns shveys. —

REFRAIN

Ir ma - shin-de-lekh, ir dreyt — aykh — un ir re - ke-lekh ir
neyt — aykh — un ir mays-ter-lekh ir freyt aykh —
ven fun un - dzer shve - rer pra - tze vert ir raykh. O - ber mir, mir
or - me ar-bets- layt. — mir, mir ge-yen ne-bekh oys far der tzayt.

# די פאבריק

1

עס לויפן און יאָגן די מאַשינען
און אין פאַבריק איז שטיקנד־הייס.
פון שטערן זעט מען רינען
דיקע טראָפנס שווייס.

איר מאַשינדעלעך, איר דרייט אייך
און איר רעקעלעך, איר נייט אייך
און איר מייסטערלעך, איר פרייט אייך,
ווען פון אונדזער שווערער פראַצע ווערט איר רייך.
אָבער מיר — מיר אָרעמע אַרבעטסלייט,
מיר גייען אויס און שטאַרבן פאַר דער צייט.

2

שוואַך און קראַנק זענען אונדזערע ביינער
וועלכע זענען גראָ און גרין,
און אַ לידל זינגט זיך יעדער
ביי זיין מאַשין.

אונדזער גייסט, וואָס האַלט אין שלאָגן,
אונדזער גייסט איז בלוטיק הייס,
און דעם יאָך, וואָס מען הייסט אונדז טראָגן
טראָגן מיר מיט שווייס.

# BENKSHAFT

**Andantino** (♩ = 96)

Ven es lesht der letz- ter shtral oys un es hoybt on tun- kl ve – rn,
ven es tzirt sikh oys der hi – ml mit mil- yo – nen kley- ne shte – rn,
ven es tzirt sikh oys der hi - ml mit mil- yo – nen kley —— ne shte rn.

# בענקשאפט

1

ווען עס לעשט דער לעצטער שטראַל אויס
און עס הויבט אָן טונקל ווערן,
ווען עס צירט זיך אויס דער הימל
מיט מיליאָנען קליינע שטערן —

2

דעמלט קום איך צו דיין פענצטער
מיט אַ ווילן שטאַרק ווי אייזן
דיך צו קענען און דיך צו זעען (זען),
אפשר וועסטו זיך באַווייזן.

3

ווייס ווי זילבער די לבנה
און די ערד זי בענקט נאָך שטראַלן,
און די שטראַלן פון דיינע אויגן
זאָלן אויך אויף מיר פאַלן.

4

זע, מיין האַרץ איז מיר צעבראָכן
און מיין זעלע איז צעריסן,
זע, איך גיי, גיי אויס פון בענקשאַפט
און די הויבסט נישט אָן צו ווייסן.

5

ווי אַ קוואַל, אַ טיפער וואַסער
וואָס ער הערט נישט אויף צו פליסן,
אַזוי ליב איך דיך ביז צום שטאַרבן
און דאָ הויבסט נישט אָן צו ווייסן.

# DER ALTER MAN

Recitando

Vi-fl tzo – res un vi – fl dan ——— ges iz oyf der velt far-
– an! Es laydt nit key ——— ner, nor ikh der al – ter
man —— Oy der al – ter man, ——— iz der – tzu, ge – boy ————
rn, In tzo-res un dan-ges, vey ———————— vey ————————
vey vert er far – loy ——— rn. Oy got, – got, freg ikh bay dir:
vi - fl tzo – res un vi — dan - ges vel ikh lay – dn, vey ————————
vey —— vey ———— vey, un vi – fl iz ——— a shir?

# דער אלטער מאַן

1

וויפל צרות און וויפל דאגות
איז אויף דער וועלט פאַראַן,
עס ליידט נישט קיינער,
גאָר איך דער אַלטער מאַן.
דער אַלטער מאַן איז דערצו געבוירן
אין צרות און אין דאגות, ווײ ווײ ווײ ווײ,
ווערט ער פאַרלאָרן.
‖: אוי, גאָט, פרעג איך בײ דיר :
וויפל צרות און וויפל דאגות
וועל איך ליידן ווײ און וויפל איז דער שיעור? :‖

2

איידער איך האָב דערצויגן דעם זון דעם בריאהלע,
אויסגעפוילט די אויגן פון צרות און געוויין.
רובלען זענען געשוואומען און כוחות ווערט מען אָן.
איידער איך האָב דערלעבט צו זען, ווי ווי,
ביי אים אין מויל דעם ערשטן צאָן.
אוי, גאָט, פרעג איך ביי דיר :
|: וויפל צרות און וויפל דאגות וועל איך ליידן,
ווי, ווי, ווי און וויפל איז דער שיעור ? :|

3

אוי די פּאָקעלער, אוי ווי די מאָזעלער,
דער טאַטע שטעלט דאָס לעבן איין אין קאָן.
און היינט איז פאַר מיר פאַרשפּאַרט די טיר
און איך ווייס נישט, ווי, ווי וואוהין זיך אַהינצוטון.
אוי, גאָט, פרעג איך ביי דיר :
|: וויפל צרות און וויפל דאגות וועל איך ליידן,
ווי, ווי, ווי און וויפל איז דער שיעור ? :|

# DINEN DINEN

**Allegro** (♩ = 126)

CORO

Di-nen, di – nen, di – nen, di – nen, di – nen, di – nen,

(SOLO) Oy— oy —— di — nen, — oy — oy —— di – nen,

(CORO) di-nen, di - nen, di-nen, di - nen, di-nen, di - nen, di-nen, di - nen,

oy oy oy di – nen, —— oy oy oy di – nen, oy men

di-nen, di - nen, di-nen, di-nen, di-nen, di - nen, di – nen,

SOLO

darf im di - nen, men zol im di - nen, men muz im di – nen, (CORO) ve - men —— (SOLO) dem

le - be - di - kn got, —— a - le yi – dn zo - ln im di – nen mit groys ge-

- bot —— Iz ho oy khez be yad — mi das mish pet dinen, di – nen.

Iz vos vet zayn. —

# דינען דינען...

.1

דינען, דינען, דינען, דינען, דינען, דינען

אוי, אוי, דינען,

אוי מ׳דאַרף אים דינען,

מ׳זאָל אים דינען,

מ׳מוז אים דינען —

אוי, וועמען?

דעם לעבעדיקן גאָט!

אַלע יידן זאָלן אים דינען

מיט גרויס געבאָט.

יועט זיין האָאויכעם בעיאַד (האוחז - ביד),

מידאַס מישפּאָט (מרת - משפט).

.2

דינען, דינען, דינען, דינען, דינען, דינען, דינען,
|: אוי, אוי ווײ דינען, :|
מ׳דאַרף אים דינען,
מ׳זאָל אים דינען,
מ׳מוז אים דינען —
וועמען ?
דעם לעבעדיקן גאָט !
אַלע יידן זאָלן אים דינען מיט גרויס צרות
איז אַ האַבויכעים אי ווידעק גינזיי ניסטאַרוים.

.3

דינען, דינען, דינען, דינען, דינען, דינען, דינען, דינען, דינען,
|: אוי, אוי ווײ דינען, :|
מ׳דאַרף אים דינען,
מ׳זאָל אים דינען,
מ׳מוז אים דינען —
וועמען ?
דעם לעבעדיקן גאָט !
אַלע יידן זאָלן אים דינען מיט גרויס נאַכעס (נחת),
איז האַגויעל מימאָוועס אי פוידע מישאַכעס.

# VINT... VINT...

Modto (♩ = 112)

Lang bin ikh —— ge - gan - gen do a - her, ——
s'iz der veg —— ge - ve - zn a - zoy shver. Zitz ikh bay dem fay - er un ikh
trakht — in di berg un in tol iz schoyn nakht. Vint, vint, kum a - her,
rit.
vish oys fun oyg a trer; zorg, payn, noyt un shrek, vint, yog a - vek.

# ווינט, ווינט,

1

לאַנג בין איך געגאַנגען דאָ אַהער,
ס'איז דער וועג געווען אַזוי שווער.
זיץ איך ביי דעם פייער און איך טראַכט,
אין די בערג און טאָל איז שוין נאַכט.

רעפריין :

ווינט, ווינט, קום אַהער,
וויש אויס פון אויג אַ טרער.
זאָרג, פּיין, נויט און שרעק,
ווינט, יאָג אַוועק.

2

אָך, ווי שיין עס פלאַקערט רויט דער פלאַם,
הייסע ווינטן יאָגן זיך צום ים,
עס פאָכעט אונטער פיס דאָס הייסע זאַמד
אָך, ווי שיין עס איז געמאַכט דאָ אין לאַנד.

רעפריין :

ווינט, ווינט, קום אַהער,
וויש אויס פון אויג אַ טרער.
זאָרג, פּיין, נויט און שרעק,
ווינט, יאָג אַוועק.

3

עס וואָיען בארג־שאַקאַלן אין דער נאַכט,
אַלץ דער ווינט וואָס האָט זיך מיר געדאַכט,
אַלץ וואָס שווער וועט לייכטער זיין אַצינד.
זינג אונדז, ווינט, העלף אונדז, ווינט, קיל אונדז, ווינט.

רעפריין :

ווינט, ווינט, קום אַהער,
וויש אויס פון אויג אַ טרער.
זאָרג, פּיין, נויט און שרעק,
ווינט, יאָג אַוועק.

# VIFL HOT DER YID

Recitando

Vi - fl hot der yid mit zayn troy - er - lid «ey kho
yosh - vo bo - dod ho - yir» far - go - sn ve - rn hey - se tre - rn un
tay —— khn blut on —— a shir. Veyn nit, mayn kind un dervek nit mayn
vund, ikh bin glaykh in go - les mit dir. —— Es vet ku-men di sho ,— ve-ln mir
bey - de —— do oyf - ge - rikht ve — — rn vi fri — er. ——

# וויפל האט דער ייד

1

וויפל האָט דער ייד
מיט זיין טרויערליד
איכה ישבה בדוד העיר
פאַרגאָסן ווערן
הייסע טרערן
אין טייכן בלוט אָן אַ שיעור.

2

וויין נישט, מיין קינד,
און דערוועק נישט מיין וואונד,
איך בין גלייך אין גלות מיט דיר.
עס וועט קומען די שעה
וועלן מירביידע דאָ
אויפגעריכט ווערן ווי פריר (פריער).

# DOS OYG

Mod^to (♩ = 120)

Oy zog mir, du — oyg, — ikh — freg nor bay —
dir, du bist dokh ge-shetzt in der - velt. — du bist ta-yer, bist
ey-dl, bist sheyn on a shir, du shteyst vi a fentz-ter in ge — tzelt, —
— du shteyst in dem kop vi a pi ket oyf dem tu — rem. Fun
shtey-ner, fun gri — ber bist du im a — shi — rem. du bist sheyn vi kris —
tal, — vi di-men-tn fayn, ey-de-ler fun dir, oyg, vos ken shoyn
zayn? To zog-zhe mir, du — oyg, vos iz mit dir — der — mer, oy
ven du lakhst mit groys freyd, — rint fun dir a trer a trer —

# דאס אויג

1

זאָג מיר, דו אויג,
איך פרעג נאָר ביי דיר,
די ביסט דאָך געשעצט אין דער וועלט.
ביסט טייער, ביסט איידל,
ביסט שיין אָן א שיעור,
דו שטייסט ווי א פענצטער אין געצעלט.

2

דו שטייסט אין דעם קאָפּ
ווי אַ פּיקעט אויף דעם טורעם
פון שטיינער, פון גריבער
ביסטו אים אַ שירעם.
דו ביסט שיין ווי קרישטאָל
ווי דימענטן פיין
איידעלער פון דיר, אויג, וואָס קען שוין זיין.
טאָ זאָג זשע מיר, דו אויג,
וואָס איז מיט דיר דער מער :
|: ווען דו לאַכסט מיט גרויס פרייד
רינט פון דיר אַ טרער. :|

3

זילבער, פערל, טייערסטע בריליאַנטן,
פאַר וועמען איז מער ווי פאַר דיר ?
ניי־מאָדישע קליידער וואָס טראָגן גאָר פראַנטן,
געזיכטער אין געגילדטע פאַפיר.
פון אַ שיין ליב קינד ווער האָט הנאה,
פון זיינע מאַניערן, פון זיין איידעלער המצאה,
מיט דעם בליק אַ קוק און גלייך באַטראַכט,
ווער פאַרמאָגט דאָס, ווער קען דאָס, ווער האָט דאָס געמאַכט ?
טאָ זאָג זשע מיר, דו אויג,
וואָס איז מיט דיר דער מער :
|: ווען דו לאַכסט מיט גרויס פרייד
רינט פון דיר אַ טרער. :|

ענטפערט דאָס אויג :

דו מוזסט וויסן, דו מענטש,
דו ביסט פאַרנאַרט פון מיר
אין אַלעם וואָס דו האָסט דאָ גערעדט.
איך דין דיר, איך לייכט דיר
שטענדיק, רעגולער,
איך שטיי אַלע מינוט אויף דעם פּיקעט.
עטוואָס אַ פּיל
איז מיר צום אויג אַ מניעה,
די עלטערע יאָרן פינקלט מיר די ראיה.
אוי איידל צו זיין איז נישט קיין גרויסע מעלה.
דאָס קלענסטע, דאָס מינדסטע
מאַכט מיר שוין קאַליע.
אָט דאָס איז מיין שמערץ און דאָס איז די זאַך
|: עס רינען פון מיר די טרערן
ווען איך האַרציק לאַך. :|

# DOS YIDELE

Mod^to^ (♩ = 126)

Nish - to oyf der velt keyn platz un keyn ort, vu men zol nit ge-
fi - nen a yi - de - le dort. Khotch er far - bayt u - me - tum zayn ge-
shtalt, in dem lo - shn, in der mi - ne der kent men im bald, az dos iz a
yi - de - le. Kukt zikh tzu — gut, dos iz er mit di bey-ner, vi ikh bin a yid,

rit.

# דאס יידעלע

1

נישטאָ אויף דער וועלט קיין פּלאַץ און קיין אָרט,
וואו מען זאָל נישט געפינען אַ יידעלע דאָרט.
כאָטש ער פאַרבייט אומעטום זיין געשטאַלט —
אין דעם לשון, אין דער מינע,
דערקענט מען אים באַלד :
אַז דאָס איז אַ יידילע, קוקט זיך צו גוט,
דאָס איז ער מיט די ביינער, ווי איך בין אַ ייד.

2

אין די ווילדע סטעפּעס, וואו ס׳פּאָרט נישט קיין ראָד,
שלעפּט זיך דאָרט אַ געזונטער ווערבליוד.
אויף אים ליגט צעשפּרייט אַ טאַטאַרין גאַנץ פויל
דער טורבאַן אויף דעם קאָפּ און די ליולקע אין מויל.
דאָס איז אויך אַ יידעלע, קוקט זיך צו גוט,
דאָס איז ער מיט די ביינער, ווי איך בין אַ ייד.

3

אויף די הויכע בערג, וואָס נישט ווייט פון קאַווקאַז,
וואו עס צעגייט נישט אום זומער קיין שניי, נישט קיין אייז,
לויפט אַ טשערקעס אויף זיין שפּריטענגעם פערד,
לויפט אַזוי שנעל, אַז ער באַרירט נישט די ערד.
דאָס איז אויך אַ יידעלע, קוקט זיך צו גוט,
דאָס איז ער מיט די ביינער, ווי איך בין אַ ייד.

4

אין דער גרויסער שטאָט פּאַריז,
פון וואַגען אַלע מאָרעס קומען אַרויס,
שפּאַצירט דאָרט אַרום אַ געפּוצטער פראַנצויז.
ער רעדט פראַנצויזיש אונטער דער נאָז
און יידיש קיין וואָרט.
און נאָך דער נאָז אַליין דערקענט מען אים פאָרט,
דאָס איז אויך אַ יידעלע, קוקט זיך צו גוט,
דאָס איז ער מיט די ביינער, ווי איך בין אַ ייד.

# IN DER ALTER TZAYT

Modto (♩ = 120)

In der al – ter tzayt, ven E – retz Yis – rol hot tzu undz
yi – de – lekh ge – hert, ba – le – ba – tim – lekh gantz scheyn ze – nen mir ge – ven
oyf un – dzer ey – gn shti – kl – erd. —— Iz ge – ven —— me –
nu —— khe, iz ge – ven ve – sim —— khe,
oy me – nu — khe, oy ve – sim – khe oyr l'ya – hu — dim!

# אין דער אלטער צייט

.1

אוי אין דער אַלטער צייט,
ווען ארץ־ישראל האָט צו אונדז יידעלעך געהערט,
באַלעבאַטעמלעך גאַנץ שיין זענען מיר געווען
אויף אונדזער אייגן שטיקל ערד.

רעפריין :

אוי איז געווען ושימחה,
אוי מנוחה, אוי ושימחה, אוי ליהודים.

.2

אוי המן איז געווען
אַ הונט מיט שאַרפע ציין
בייזן האָט ער אונדז געוואָלט אַמאָל.
אוי אַ נס האָט גאָט געשען
די כפרה איז ער אַליין
געוואָרן פאַר כל ישראל.

רעפריין :

אוי איז געווען ושימחה,
אוי מנוחה, אוי ושימחה, אוי ליהודים.

.3

אוי אָבער דער המון פון אַצינד
אָט דאָס איז דאָך אַ הונט,
ער טרינקט אַזוי פיל יידיש בלוט
און קיין באָמבע טרעפט אים אַלץ נאָך נישט.
טאָ הער זשע, זיסער גאָט :
ווי ביז לאַנג וועט זיין אָט דער דעספּאָט
אונדז צו מוטשען אָן אַ שיעור ?
נעם זשע, גאָטעניו, אים צו צו דיר,
וועט דאָך זיין מנוחה, וועט דאָך זיין אוי ושימחה
אוי מנוחה, אוי ושימחה, אוי ליהודים.

# DI SHTUNDE SHLOGT OYS

Mod^to (♩ = 120)

Di shtun-de shlogt oys, gey mentsh a – roys! Far– lozt er zayn
hoyz, —— zayn kind un zayn froy, far – lozt er zayn shtand, zayn
guts un zayn land un nemt in zayn hant —— zayn van – der – shtok.
Er van-dert un blondzhet — un veys nit vu-hin tzu geyn. In mi — tn
veg blaybt er plutz-ling shteyn. Er shteyt un – ent – shlo– sn un
shpirt e – pes shlekht un veys nit tzi zol er geyn grod, tzi zol- er geyn
rekhts, tzi zol er geyn links, oy tzi gor ha – shi vey- nu na ——
- zad, ha shi – vey- nu na – zad, —— ha - shi - vey – nu na —— zad,

# די שטונדע שלאָגט אויס

I

די שטונדע שלאָגט אויס,
גיי, מענטש, אַרויס.
פֿאַרלאָזט ער זיין הויז,
זיין קינד און זיין פרוי.
פֿאַרלאָזט ער זיין שטאַנד,
זיין גוטס און זיין לאַנד
און אין דער האַנט
זיין וואַנדערשטאָק.
ער וואַנדערט און בלאָנדשעט
און ווייסט ניט וואוהין צו גיין.
אין מיטן וועג בלייבט ער פּלוצלינג שטיין.
ער שטייט און־אַנטשלאָסן
און שפּירט עפּעס שלעכטס
און ווייסט נישט, צי זאָל ער גיין גראָד,

צי זאָל ער גיין רעכטס,
צי זאָל ער גיין לינקס,
צי נאָר האַשיוועֵנו (השיבנו) נאַזאַד
האַשיוועֵנו נאַזאַד, האַשיוועֵנו נאַזאַד.

2

אָט דאָרט אויף דעם שליאַך
עלנט און אָן אַ דאַך,
שעפּעלעך אַ סך פאַרבלאָנדזשעטע שטייען.
גערעטעט פון טויט, פון שרעקלעכער נויט,
צעריסן אויף זיי די הויט
פון וועלפס שאַרפע ציין.
דאָס זענען מיינע ברידער
פון גאַנץ פייגעם שכאָס,
באַגזלט, פאַרטריבן פון זייער פאָטערלאַנד.
זיי זוכן אַ היים, אַ רואיק שטיקל אָרט
געגנוג שוין צו זיין נאַוועגנאַד (נע־ונד).
וואָס זשע שטייט איר און טראַכט
אייער היים איז דאָך דאָרט,
צוריק אין ציון האַשיוועֵנו נאַזאַד!
האַשיוועֵנו נאַזאַד, האַשיוועֵנו נאַזאַד.

3

אין שפּאַניע אַמאָל האָט מען אונדז גאָר
אונדזער פאָלק ישראל האָט געליטן אָן אַ צאָל.
מען האָט אונדז געיאָגט, געהרגעט, געפּלאָגט,
און וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, גערויבט אָן פאַרוואָס.
אַצינד זיצט זי פאַרשעמט אין גלאַנץ און אין פּראַכט,
געבראָכן, געלייזט איז שפּאַניעס גרויסע מאַכט.
און ווי דאָס לאַנד דענקט און ווי עס טראַכט,
קען יעדער לעזן אין בלאַט
אַז ער שלאָגט זיך אין האַרצן
צען מאָל על־חטא
און שרייט: יידעלעך, צוריק אין שפּאַניע
האַשיוועֵנו נאַזאַד,
האַשיוועֵנו נאַזאַד, האַשיוועֵנו נאַזאַד.

4

אויף דעם ערד־באַל שיינט פאַסט איבעראַל
די ליכטיקע שטראַל פון ציוויליזאַציאָן.
איז דאָ נאָך איין מאַכט, וואָס פון בילדונג לאַכט
און ציט צו דער מאַכט פון אינקוויזיציאָן.
דאָס איז דער קאַצאַפּ, וואָס שרייט אין איין שטיק:
איך וויל נישט גיין פאָרווערטס,
איך וויל נאָר גיין צוריק
צו אונדזערע זיידעס: איוואַן, ניקאָלאַי,
צו די באַרבאַרן האַשיוועֵנו נאַזאַד,
האַשיוועֵנו נאַזאַד.

# DI MESOYRE

**Recitando**

Ot di a – le yi – de - lekh, vos mir ze – nen do ba - kant —

fun dem gan - tzn land — un fun a – le me – di — nes un

az mit ye – dn ay ay ay, — mit vemen mir ve ln re — dn, ay ay ay, –

– zo – ln mir re dn mit dem nu - sakh fun di ki – nes.

Az ey – ner vet fre – gn dem tzvey – tn. vu bis – tu ge –

ven, — ay ay ay, — vos ikh hob dikh a - zoy lang nit ge - zen? —

ay ay ay, – a – zoy zol Yu – kl tzu Getz - len bru — men, —

zol er im ent – fe - rn mit a – za kol, — ay ay ay: —

Ikh hob far - shpart dos bi - kl in shtal, ay ay ay! —

vet Me - shi - akh — mu - zn ku — men! Ta –

– ra ra – ra ra ra ra ra — ra — ra —

ra — ra — ra ta – ra ra ra ra ra —

# די מסורה

.1

אַט די אַלע יידעלעך, וואָס מיר זענען דאָ באַקאַנט
פון דעם גאַנצן לאַנד און פון אַלע מדינות,
און אַז מיט יעדן, אוי אוי אוי,
מיט וועמען מיר וועלן רעדן, אוי אוי אוי,

זאָלן מיר רערן מיט דעם נוסח פון די קינות.
אַז איינער וועט פרעגן דעם צווייטן: וואו ביסטו געווען?
אוי אוי אוי
וואָס האָב איך דיך אַזוי לאַנג נישט געזען?
אוי אוי אוי
אַזוי זאָל יאָקל צו געצלען ברומען,
זאָל ער אים ענטפערן מיט אַזאַ קול, אוי אוי אוי:
איך האָב פאַרשפּאַרט דאָס ביקל אין שטאַל, אוי אוי אוי,
ווען משיח מוזן קומען!

טאַראַראַ ראַראַ טיי ריי ריי אַאַז"וו.

.2

אַ מלמד אַ הוטשינער זאָל אויך לערנען מיט די קינדער
מיט דעם נוסח מיט דעם פרומען. און אַזוי אין חדר, אוי אוי אוי,
זאָל ער לערנען כסדר מיט דעם נוסח פון די קינות.
אַז דער רבי וועט פרעגן די רביצין: וואו איז דער בראָנפן די צרה?
אוי אוי אוי, איינגעמען זאָלסטו די כפּרה, אוי אוי אוי,
וואו איז ער אַהינגעקומען? – זאָל זי אים ענטפערן מיט אַזאַ קול:
אוי אוי אוי, אַ שיכור ביסטו אַליין
און אַרוים זאָלן דיר אַלע ציין —
ווען משיח מוזן קומען!

טאַראַראַ ראַראַ טיי ריי ריי אַאַז"וו.

.3

דאָרט גייט זיך אַ האָרבאַטע
פאַרוויקלט אין אַ שמאַטע
און טראָגט זיך באַבקעלעך אַ פולן קויש.
זי שרייט: געוואַלד אוי אוי אוי
און חלשט באַלד אוי אוי אוי
וואָרן די באַבקעלעך זענען אייז־קאַלט.
אָט זי דאַרף מען אויך צווינגען, אוי אוי אוי,
אַז זי זאָל אויכעט זינגען, אוי אוי אוי
מיט דעם נוסח פון די קינות.
זי זאָל שרייען:
יידעלעך, קויפט זשע באַבקעלעך, אוי אוי אוי.
כאַפּט זשע, יידעלעך, מיט אייערע לאַפּקעלעך אוי אוי אוי
ווען משיח מוזן קומען!

טאַראַראַ ראַראַ טיי ריי ריי אַאַז"וו.

# DI BLUM

**Valse** (𝅗𝅥 = 144)

Vu a – le fo – rn in mi – tn veg, ligt dort a
ta – ye – re blum. — Zi ligt un foylt shoyn ey – ni – ke teg, der
vint er trogt zi a – rum. — Zi shrayt un veynt mit groys ge – bet: Pa –
– me – lekh, zet vu ir geyt! — Hot rakh – mo – nes, zet, ir tze –
tret a blum mit a far – ti – ker_ kveyt! — Rakh – mo – nes hot ver
kumt nor a – her, heybt oyf – a blum, vos zi glantzt. — Trogt mikh a –
– hin, fun va – nen ikh bin, vu men hot mikh tzum er – shtn ge – flantzt!

# די בלום

1

וואו אַלע פֿאָרן אין מיטן וועג
ליגט דאָרט אַ בלום, אַ טייערע בלום.
זי ליגט און פֿוילט שוין אייניקע טעג,
דער ווינט ער טראָגט זי אַרום.
זי שרייט און וויינט מיט גרויס געוויין :
פּאַמעלעך, זעט ווי איר גייט.
האָט רחמנות, זעט, איר צעטרעט
אַ בלום מיט אַ פֿאַרטיקער קווייט.
רחמנות האָט ווער, קומט נאָר אַהער
הייבט אויף אַ בלום וואָס זי גלאַנצט,
טראָגט מיך אַהין פֿון וואַנען איך בין
וואו מען האָט מיר צום ערשטן געפֿלאַנצט.

2

אַז איך זע אין יעדער זייט בלומען בליען,
גיסט זיך מיר אויס טרערן אַ טייך.
איך טו זיך דערמאָנען די פֿאָריקע צייט,
אַז איך בין געווען מיט אַלע בלומען צוגלייך
אין קייזערלעכן גאָרטן, ווען איך האָב געבליט,

די זון האָט מיר ליכטיק געשיינט.
טויזנטער דינער האָבן מיך געהיט,
זעט דעם סוף פון מיר היינט :
דער טרעט, דער קוועטשט,
צעווייקט, צענעצט,
די בלעטער אַראָפּ פון קאָליר,
איך ליג אויפן מיסט, דער רעגן ער גיסט
עס איז גאָר קיין רחמנות אויף מיר.

3

ווי די בלום וויינט דאָ און שרייט,
עס צענעמט יעדן מענטשן זיין האַרץ,
קומט אָן אַ מלך גאָר פון דער זייט
און הערט איר וויינען, איר שמערץ.
זאָג מיר, דו בלום, זאָג מיר דעם איין וואָרט,
צענעמסט מיר מיין האַרץ אָן אַ ברעג.
וואו ביסטו געוואַקסן,
ווי רופט מען דאָס אָרט
ווי קומסטו אַהער אויף דעם וועג ? —
מיט זי אַ געשריי :
אוי ווינד איז מיר און ווי,
דו דערקענסט מיך שוין גאָרנישט פון פריער.
פון ירושלים בין איך,
ייד רופט מען מיך,
האָב דו כאָטש רחמנות אויף מיר.

4

פאַר צוויי טויזנט יאָר ווען דו וואָלסט מיך געזען,
בשעת איך האָב מיין מלוכה געהאַט,
וואָלסט זיך פאַרוואונדערט, ווי איך בין געווען
די שיינהייט פון מיין יעדער בלאַט.
כהנים, לוויים, געלערנטע אָן אַ שיעור
האָבן שפּאַצירט אַרום מיר.
איך האָב דעמלט שטאָלצירט אין פּלאָר,
האָט מען מיך אויסגעריסן
און איך וואַלגער זיך שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר.
וואו איך בין געווען, האָב איך רציחה געזען,
געריסן גליד פאַר גליד,
געברענט און געשניטן
און נאָך מער צרות געליטן,
נאָר אַלץ ווייל איך בין אַ ייד.

5

אַזוי האָט זיך אַמאָל געוואַלגערט דער ייד
ווי די בלום מיט איר צווייט אויפן וועג.
דער נעמט אים זיין כבוד און דער רופט אים זשיד,
וועד מיט די פיס אים צעטרעט.
ער האָט שוין פאַרלוירן זיין מוט און זיין טרייסט
פאַרלוירן זיין קראַפט און זיין מאַכט.
נאָר די אמונה דאָס איז נאָך זיין טרייסט
אין דער לאַנגער פינצטערער נאַכט.

ווי דער מלך הערט איר דערמאָנען
איר אַלמן יחוס פון ציון,
זעצט ער זי אַנידער
צווישן אַלע וואזאָגנען
און זי הויבט שוין אָן ווייטער צו בליען.
ער טרייסט זי מיט מיטלייד :
אַ שאָד דיינע טרערן,
די זון וועט דיר שוין ליכטיק שיינען.
איך וועל חלילה
דיין אמונה נישט שטערן,
איך וועל דיר נאָר פוצן און פיינען.
פרעגט זי ביי אים :
זאָג מיר דיין שם,
לאָמיך וויסן דעם נאָמען פון זיי.
דער נאָמען פון מיר
איז אַלעקסאַנדער דער צווייטער פון ראָסיי.

# MEKHADESH ZAYN DI LEVONE

Andante (♩ = 84)

Di velt iz far - shpreyt mit a shvar —— tzer shal, di

shtil-keyt ken key – ner nit he - rn. —— Vi sheyn un vi fayn di le–

- vo - ne shaynt hoykh mit i - re kom - pa - nye di shte - rn —— di shte - r'n —— Di

nakht, di nakht, zi iz sheyn, zi iz sheyn, az she – ner ken gor nit

zayn. —— Oh, Kloybt sikh a – le, li — be layt, di le – vo – ne me-

- kha — desh zayn, —— oh, zayn, —— Sho – lem a - ley - khem,

Largo

a —— a - ley-khem sho – lem, sho - lem a – ley khem

rit.

Tor

a – leykhem sho-lem! Oy a gu – ter khoy —— desh, a gu – ter

khoy —— desh, a gu – ter khoy-desh zol ku – men oyf — undz, oy, oyf, undz.

ta - ra - ra - ra - ra - ram ta - ra - ra - ra - ra - ram ta - ra - ra - ra - ra - ram ta - ra - ram

Oy, sho lem a – ley khem, sho – lem a – ley khem,

# מהדש זיין די לבנה

די וועלט איז פאַרשפּרייט מיט אַ שוואַרצער שאַל,
די שטילקייט קען קיינער נישט הערן.
ווי שיין און ווי פיין די לבנה שיינט הויך
מיט אירע קאָמפּאַניע שטערן.
די נאַכט, די נאַכט זי איז שיין, זי איז שיין,
אַז שענער קאָן גאָרנישט זיין.

o re-be-nyu, o ga-be-nyu, o kley koy-desh geyt mit dem re b'n tan — tzn. O re-be-nyu, o ga-be-nyu, oy kley koy-desh geyt mit dem re b'n tan — tzn, Shrayt-zhe hoykh mit gantz koy-ekh: Der re — be — geyt shoyn tan — tzn, tan — tzn. la la la la la la la la la la la la la la la la la la la la la la la — la — la la la la la la la la la la

אוי קלויבט זיך אַלע, ליבע לייט,
די לבנה מחדש צו זיין.
|: שלום עליכם, עליכם שלום!
אוי אַ גוטער חודש, אוי אַ גוטער חודש, אַ גוטער חודש,
אוי אַ גוטער חודש זאָל קומען אויף אונדז! :|

|: טאַראַראַ ראַם, באַ באַראַ ראַראַם, ראַראַ ראַ ראַם
טאַראַ ראַ ראַם :|

אוי שלום עליכם!
|: אַ רעבעניו, אַ גאַבעניו, אַ כלי־קודש גייט מיט דעם רבין טאַנצן,
שרייט זשע הויעך: מיטן גאַנצן קויעך (כח):
דער רבי גייט שוין טאַנצן. טאַראַ :|

כאָר:

טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ־לאַ, אאַז"וו.

# DI AYZN-BAN

Mod^to^ (♩ = 104)

Men hot oys - ge - klert an ay - zn - ban fo - rn ' oyf im
ta - ke, — o - ber vos der re - be kon, ko - nen zey a
ma - ke. — Der re - be fort keyn E-retz Yis-ro'l mit a pros - tn
vo - gn, vi lang krenkt der ay - zn - ban, vi lang er vet im der - yo - gn.

# די אייזנבאַן

1

מען האָט אויסגעקלערט אַ אייזנבאַן,
פֿאָרן אויף אים טאַקע.
אָבער וואָס דער רבי קען,
קענען זיי אַ מכה.

דער רבי פֿאָרט קיין ארץ־ישראל
מיט אַ פּראָסטן וואָגן.
ווי לאַנג קרענקט די אייזנבאַן,
ווי לאַנג זי וועט אים דעריאָגן.

2

די אפּיקורסים מענן אין דער ערד אַריין
מיט זייער מאָדע דער נייער,
זיי האָבן צוואַנציק ווייבער ליב
און איינע קיין געטרייע.

אָבער מיר ליבן איינע
און זי איז אונדז טייער.
זי איז דווקא און דווקא נישט קיין שיינע,
נאָר זייער אַ געטרייע.

# SHABES MAKHN

**Allegro** (♩ = 112)

Oy oy oy! shrayt a ma – me a-zoy,
vos mit ir tokh – ter hot sikh ge – tro – fn.
Do – ner-shtik gantz fri mit der rosh-tchi-ne iz zi zey – er shtark ge – lo – f'n.
De-molt iz a glitch ge – ven, iz zi dokh ge – fa – ln.
Oy — re – be-nyu, zolt ir ze – en, vi zi iz ge-shvo ln ge – vo – rn!
Zogt zhe, – re – be nyu, a – leyn un git mir tzu far-shteyn, fun va – nen ku-men a – zel-khe za-khn,
Dos kumt fun sha-bes, sha-bes ma-khn, dos kumt fun sha – bes ma-khn, dos kumt fun sha-bes, sha-bes, sha-bes, oy dos kumt fun sha – bes, ma —— khn,

# שבת מאכן

אוי, אוי, אוי, שרייט אַ מאַמע אַזוי
וואָס מיט איר טאָכטער האָט זיך געטראָפֿן.
דאָנערשטיק גאַ־ גאַנץ פֿרי
מיט דער ראָשטשינע איז זי
זייער שטאַרק געלאָפֿן.
דעמאָלט איז אַ גליטש געווען
איז זי דאָך גע־ געפֿאַלן.
אוי, רבינוי, זאָלט איר זען
ווי זי איז געשוואָלן געוואָרן.

זאָגט זשע, רבינוי, אַליין
און גיט מיר צו פֿאַרשטיין,
פֿון וואַנען קומען אַזעלכע זאַכן?

זאָגט דער רבי:

אוי, דאָס קומט פֿון שבת, שבת, שבת,
דאָס קומט פֿון שבת מאַכן.
אוי, דאָס קומט פֿון שבת, שבת, שבת,
דאָס קומט פֿון שבת מאַכן.

## SHABES

Recitando

Flegt es on - ku - men der fray - tik oyf - der - nakht,
oy - sa - ra a - shi res, der ta - te mit di kin - der zal - be akht
fle - gn zin - gen zmi — res. Flegt di ma - me - nyu zikh tzu - grey tn tzum
ti - she - le di kha le - lekh un geyn oyf di shpitz fin - ger - lekh ba -
zakht. Flegt di bo - be - nyu zikh tze - shok - len shtil mit ir goy - de - rl
Oy vey sa - ra prakht! - oy vey sa - ra prakht! tchi - ri bom, tchi - ri bom,
tchi - ri bom, —— bom, - ay — ay — ba — ba ba bom, ba ba ba bom.

# שבת

1

פלעגט אָנקומען פרייטיק אויף דער נאַכט,
אוי ס'אַ אַשירעס (עשירות) !
דער טאַטע מיט די קינדער זאַלבע אַכט
פלעגן זינגען זמירעס (זמירות).
פלעגט די מאַמע צוגרייטן
צום טישעלע די כאַלעלעך (חלה'לעך)
און גייען אויף די שפּיץ פינגערלעך באַזאַכט;
פלעגט די באָבעניו צעשאָקלען זיך
שטיל מיט איר גוידערגיו
|: אוי וויי, עס איז אַ פּראַכט! :|

2

עס איז שבת, אין חדר גייט מען נישט
אוי, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן !
דער טאַטע גייט פון שול טריט ביי טריט
און ברומט זיך צו אַ ניגון.
פלעגט אַריינקומען דער זיידע
מיך פאַרהערן די גמארות
און טאָן מיר אַ קניפּעלע אין באַק :
עס וואַקסט אַ טאַנע־באַרע (תנא־ברא),
פלעגט ער זאָגן, קיין עין־הרע !
|: אוי וויי, ווי געשמאַק ! :|

כאָר:

טשירי בים, טשירי באָם, טשירי בים באָם, בים באָם, נאַז"וו.

3

עס פלעגט אָנקומען דער שבת צו נאַכט,
די זון פלעגט צום מערב זיך פאַררוקן,
די מאַמע זיצט ביים פענצטער זיך און טראַכט,
די באָבע פלעגט אין צינה־וראינה אַריינקוקן.
פלעגט די באָבע אונדז דערציילן
אַ מעשהלע פון גזלנים
וואָס בלאָנדזשען אין די וועלדער מיט אַ האַק.
פלעגן קינדערלעך זיך באַגיסן
מיט טרערעלעך ווי פּערעלעך —
|: אוי וויי, עס איז געשמאַק ! :|

כאָר:

טשירי בים, טשירי באָם, טשירי בים באָם, בים באָם, נאַז"וו.

# NISIM

Allegro (♪ = 141)

Ni-sim vel ikh aykh der-tzey-ln.. Do fli-en ra-bo-nim
un ir a-le vet sikh vay-ln un mir veln sikh fre-yen
fun dem Bris-ker biz dem Tris-ker un fun loy-ter ge-oy-nim.
Ni-sim, az di hor fun kop oy veln sikh shte-ln ka-poy-reml

REFRAIN

Tchi-ri-bom, tchi-ri bom tchi-ri bo-bo bo-bo bo bo bo bo bo bom, tchi-ri-bom tchi-ri-bom tchi-ri bo-bo-bo bo-bo bo-bo bo bo-bom
Ay bi-ri bi-ri-bi-ri ay bi-ri bi ri bi ri ay bi-ri-bi-ri bi-ri
ay bi ri bom ay bi-ri bi-ri bi-ri ay bi-ri bom ay bi ri bi ri bi ri bom!

# ניסים

1

ניסים ווע‎ל איך אייך דערציילן :
דאָ פליען רבנים
און איר אַלע וועט זיך ווײלן
און מיר וועלן זיך פרייען.
פון דעם בריסקער ביז דעם טריסקער
און פון לויטער גאונים
ניסים, אַז די האָר פון קאָפּ
וועלן זיך שטעלן קאַפּוירעם (קאַפּויר).

2

צו מיין רבין פון פעטצויז,
רב דודל דער גדול,
קומט זיך דאָרט צו גיין אַ ייד
אויף צוויי קוליעס.
וואַרף אַוועק די קוליעס !,
שרייט דער רבי און גלאָצט די אויגן.
ווי דער ייד האָט אים געפאָלגט,
האָט ער זיך גלייך אויסגעצויגן

כאָר: טשירי בים, טשירי באָם, טשירי בים באָם, בים באָם, אאַז״וו.

3

שבת ביי דעם רבינס טיש
צווישן בין השמשות
זיצט זיך דאָרט אַ ייד ביים טיש
און פאַלט אין חלשות.

ווי דער רבי האָט דאָס דערזען
און האָט זיך צוגערירט צום קרבן,
צו גלויבט מיר יאָ, צו גלויבט מיר ניין,
דער ייד איז באַלד געשטאָרבן.

כאָר: טשירי בים, טשירי באָם, טשירי בים באָם, בים באָם, אאַז״וו.

# EREV PURIM

**Allegretto** (♩ = 126)

Oy, vi es kumt e rev pu – rim,
loy - fn um di vay – ber in ey – ne ye - su – rim.
Git undz tzu le – kn un git undz tzu na – shn un git khotch tzi – nen di ho – men ta – shn

# ערב פורים

1

אוי, ווי עס קומט ערב פורים,
לויפן אַרום די ווייבער אין איינע יסורים,
די הויבט אָן צו לעקן, די הויבט אָן צו נאַשן
און די הייבט אָן צו ראָשטשינען די המן־טאַשן.

2

אַ גוטער מאָרגן דיר, מיין ווייב מיט דער מגילה,
דערלעבן זאָלסטו איבער אַ יאָר מיט אַ גרויסער גדולה
דערלאַנג דעם בראָנפן מיט דער פלאַש
און גיב צו פאַרבייסן דעם המן־טאַש.

3

איז זי געלאָפן מיט גרויס רעש
און האָט פאַרברענט דעם המן־טאַש.
אַ רוח אין דיין טאַטן מיט דער מגילה
דו האָסט מיר פאַרשטערט די גאַנצע גדולה.

## DEM REBNS VUNDER

Mod[to] (♩ = 138)

Re – be, re – be, hert nor, hert, —— vos zol dos ba-
day – tn: menzet, a ke-tchl un a ferd — loyft zikh dort fun vay – tn.
Shoy – tim zayt ir vi di kin – der, vu iz a – yer zi – nen?
Vos iz do aykh far a vun – der: di ferd zey zi – tzn dri – nen.

# דעם רבינס וואונדער

רבי, רבי, הערט נאָר, הערט,
וואָס זאָל דאָס באַדייטן :
מען זעט אַ קאָטש אָן אַ פערד
לויפט זיך דאָרט פון ווייטן.

שוטים זייט איר ווי די קינדער,
וואו איז אייער זינען?
וואָס איז דאָ אייך פאַר אַ וואונדער:
די פערד זיי זיצן דאָך דרינען.

אַפּיקורסים גרויסע לייט
ברעכן זיך די מוחות
פון דעם וועטער פון דער צייט
קלערן זיי מיט כוחות.

דער רבי הענגט אויס אויפן גאַס
זיין האַנטעך אָן שום דרוקן,
האָט געדענגט, איז עס נאַס,
און אויב נישט, איז עס טרוקן.

# FIRT DEM REBN

Andante ♩ = 84

Firt dem re – bn, firt im hoykh, — lem ta ra ram
lom ta ra ram. Er iz bay undz a bal koy-akh, tra ra-ray-ram ta-ra-
ram. Lo-mir vey-nen, vey-nen, klo-gn, dem a-pi-koy-res a-roys-yo-gn.
Oy vey — oy vey — oy vey, es iz bi-ter, oy bi-ter der toyt. Der
T° (♩ = 120)
gaz-len er hot sikh far-shpreyt, oy vey oy vey oy shvaygt, key ner tor atzind nit
re-dn; shvaygt, key ner tor a-tzind nit re-dn. Zayn ne-sho-me in gan-e-dn,
er soy-det sikh mit di mal-o-khim oys, oys. Zayn ne-sho-me iz dokh
zey – er hoykh, zayn ne-sho-me iz dokh zey – er hoykh. —

# פירט דעם רבין

פירט דעם רבין, פירט אים הויער (הויך)
לעם טאַם, טאַראַם לאַם, טאַראַ, ראַראַ, ראַראַ.
ער איז ביי אונדז אַ באַל־קויעך (בעל־כוח),
טאַראַראַראַ ראַראַ.
לאָמיר וויינען, לאָמיר קלאָגן, דעם אפּיקורס אַרויסיאָגן
אוי וויי, אוי וויי, אוי וויי.
עס איז ביטער, אוי ביטער ווי דער טויט,
דער גזלן, ער האָט זיך פאַרשפּרייט
אוי וויי, אוי וויי, שווייגט,
קיינער טאָר אַצינד נישט רעדן.
שווייגט, קיינער טאָר אַצינד נישט רעדן,
זיין נשמה איז אין גן עדן,
ער סוד'עט זיך מיט די מלכים אויס, אויס.
זיין נשמה איז דאָך זייער הויך,
זיין נשמה איז דאָך זייער הויך,
מיט די חסידים זינדל, ברינדל, זרח, פייטל־געצעלע
מיט אַלע חסידימלעך אין איינעם.
אוי וויי, אוי וויי, אוי וויי, אוי וויי, וואָס איז דיר געשען
: אוי וויי, וואָס איז דיר געשען, :
אוי וויי, אוי וויי און אוי וויי און אוי וויי.
: צי קענען דען די חסידים נישט פאַרשטיין? :

Acc.

mit di khsi - dim Zin - dl Krin - dl, Zo - rakh Fay - tl, Ge - tze — le —

(♩ = 120)

mit a - le khsi dim lekh in ey - nem. Oy vey oy — vey oy - vey oy -

- vey oy - vey, vos iz dir ge-shey - en, oy vey, vos iz dir ge-shey - en,

oy vey vos iz dir ge-shey - en. oy vey vos iz dir ge - shey - en.

Largo

Oy vey un vey, vey un vey, oy vey un vey, tzi ke - nen nit di khsi - dim nit far -

shteyn, tzi ke - nen nit di khsi - dim nit far — shteyn, tzi

Vivace

ke - nen nit di khsi - dim nit far —— shteyn. Oy shtupt nit, shtupt nit, men

ken nit op - ru - kn. Vu iz der re - be. , Ot ot ot, lozt mir nor i - ber - ku - kn.

Ikh ze im yo, ikh ze im nit, oy - vey oy, - lozt —— oy - vey, oy, -

rit. Largo

lozt — nor oy vey oy, lozt nor mikh a - rayn dem re - bn me - ka - bl

po - nim zayn. Vu iz der re - be? Ot ot ot, vu iz der ga - be?

rit.

Ot ot ot Oy oy lozt mikh tzu - rik, der re - be nyu vet nokh kumen mit glik,

שטופט נישט, שטופט נישט, מען קען אָפּרוקן,
וואו איז דער רבי ?
אָט אָט אָ, לאָזט מיר נאָר איבערקוקן,
איך זע אים יאָ און זע אים נישט,
אוי ווי, לאָזט נאָר,
אוי ווי, לאָזט נאָר מיך אַריין,
דעם רבין מקבל פּנים זיין.
אוי ווי, לאָזט נאָר, אוי ווי, לאָזט נאָר,
אוי ווי, לאָזט נאָר מיך צוריק
דער רביניו וועט נאָך קומען מיט גליק.

# DER TZVIYAK

**Recitando**

Az du vest geyn, gu - ter bru - der, in gas a rayn un du

vest ba - ge - ge-nen a yi - dn a fru - men, a voy - - - - ln,

rit.

oy vey, oy oy oy oy- a si - men, bru - der, mit a royt - le - kher noz

un mit a boykh a fu - ln un mit a por pey - e - lekh a - zoy vi di lo - kn

un mit a por pan - to - fe - lekh un mit a por vay - sin - ke zo - kn

oy oy oy oy- un er geyt nokh on - ge - ton a ka-zhi - mi - re - ne ka - ka-

- po - te un hin - tn hengt im nokh dos fa - tshey - le - khl —

oy vey iz im biz - kl der pya - te oy oy oy yi-rei sho-mayim iz bay im ba-

hal - tn be - sod er far-makht di oy - ge-lekh un shrayt :

« She-ma yis - ro - eyl a - do - noy e - lo - hey - nu a - do - noy e - khod » —

oy oy oy Un dos, zogt er, tor men nit, un dos iz o - ser un dos iz mu - ter.

O - ber gib im, gu - ter bru - der, a rekh - tn tap, ———

iz er dokh a ga - nev, a pro - tzent - nik, a mu - ser, ——— oy

**Allegro** (♩= 120)

ta ra ra ra ro ra ra ra ra ra ra — oy

ra ta ra ra ra ta - ra ta ra ta ra ra ta ra ra ra ta ra ra ra

ta ra ta ra ra ra ta - ra ta ra ta ra ra ta ra ta ra ta ra ta ra ta - ra




אַז דו וועסט גיין, גוטער ברודער, אין גאַס אַריין
און דו וועסט באַגעגענען
אַ יידן אַ פרומען, אַ וואוילן, אוי אוי אוי,
אַ סימן, ברודער, מיט אַ רויטלעכער נאָז
און מיט אַ בויך אַ פולן
און מיט צ׳ פאָר פאהלער
אַזוי ווי די לאָקן,
און מיט אַ פאָר פאַנטאָפעלעך
און מיט אַ פאָר ווייסינקע זאָקן, אוי אוי אוי,
און ער גייט נאָך אָנגעטאָן אַ קאַזימערנע קאַפּאָטע,
און אים הענגט נאָך דאָס פאַטשיילעכל
אוי, אוי, אוי, ביז דער פיאַטע
ירא שמים איז דאָ באַהאַלטן בסוד,
ער פאַרמאַכט די אייגעלעך און שרייט :

שמע ישראל אדוני אלוקינו, אדוני אחד! אוי אוי אוי
און דאָס, זאָגט ער, טאָר מען נישט און דאָס איז אסור,
און דאָס איז מאסור —
אָבער, גוטער ברודער, גיב אים אַ רעכטן טאָפּ :
איז ער דאָך אַ גנב, אַ פראָצענטניק, אַ מסר!
אוי אוי אוי!

כ אָ ר :

טראַ-ראַ-ראַ, טראַ-ראַ-ראַ, טראַ-ראַ-ראַ-ראַ, אאַז״וו.

# VU NEMT MEN PARNOSE

Mod^to^ (♩ = 120)

Men-tchn, git an – ey – tze mir, ra – te – vet oyf gikh,
dan – ken vel ikh aykh der-far, vayl ikh ken nit hel – fn zikh.
Di tzayt iz bi – ter, zey – er shlekht, dos le – bn geyt nit ayn. Iz
yoy-sher – dik nokh mer vi rekht, ir zolt bay- hil -'fik zayn. Vu

REFRAIN

nemt men par – no – se, vu nemt men par – no – se? s'iz shver tzu zu - khn
un ge – fi- nen, key- ner git nit tzu far- di- nen. Vu nemt men par – no – se, vu
nemt men par - no – se, Nit nor ikh, nor ke-mat a – le fre – gn haynt di
zel – be shay- le: Vu, vu nemt men haynt, vu nemt men par – no – se. par – no-se?

# וואו נעמט מען פרנסה

1

מענטשן גיט אַן עצה מיר
און ראַטעוועט אויף גיך,
דאַנקען וועל איך אייך דערפֿאַר,
ווייל איך קען נישט העלפֿן זיך.
די צייט איז ביטער, זייער שלעכט,
דאָס לעבן גייט נישט איין.
ס'איז יושרדיק נישט מער ווי רעכט,
איר זאָלט בייהילפיק זיין.

רעפריין :

וואו נעמט מען פּרנסה, וואו נעמט מען פּרנסה,
עס איז שווער צו זוכן און געפינען,
קיינער גיט נישט צו פֿאַרדינען.

וואו נעמט מען פרנסה, וואו נעמט מען פּרנסה,
אוי נישט גאָר איך, גאָר כמעט אַלע
פרעגן היינט די זעלבע שאלה :
וואו נעמט מען פרנסה, וואו נעמט מען היינט פּרנסה

איך קען אַ סוחר אַ קאַרפּן־קאָפּ,
ער האָט דאָך זיבן קראָמען,
אויף יעדער קראָם אַן אַנדער שילד,
אַ קראָם אויך אָן אַ נאָמען.
געשעפט פון שנים, עס גייט אַ רויך,
אין סקאַרב האָט ער אַ פּיליע.
די גאַנצע צייט ברעכט אים דער מוח,
צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע.

רעפריין :

וואו נעמט מען פרנסה, וואו נעמט מען פרנסה,
עס איז שווער צו זוכן און געפינען,
קיינער גיט נישט צו פאַרדינען.
וואו נעמט מען פרנסה, וואו נעמט מען פרנסה,
אוי נישט נאָר איך נאָר כמעט אַלע
פרעגן היינט די זעלבע שאלה :
וואו נעמט מען פרנסה, וואו נעמט מען היינט פרנסה.

# GOT IN ZAYN MISHPET IZ GEREKHT

Moderato (♩ = 112)

Got un zayn mish-pet iz ge-rekht. — Men
tor keyn mol nit zo-gn, az Got iz shlekht. — Vo-rn
Got veyst, vos er tut, um-zist shtroft er key-nem nit,
Got un zayn mish-pet iz ge-rekht — rekht —

1 — 2 FINE

Der yid hot in zayn le-bn a treyst-vort in zayn brokh un dos hot im ge-
-ge bn zayn al-ter zey-de nokh. Un vos — dem
yi-dn un vos zol im nit ge-shen, - nemt er altz tzu shtil un tzu-
fr — dn, glaykh vi gor-nit ge-ven. — Zayn po-nim vert blas, —
— di oy-gn ve-rn nas, — zayn hartz vert far-go-sn mit
blut, er hot tzo-res fil un dokh lay-det er shtil, vayl er
veynt zikh oys, gut oys, un zogt — az:

# גאָט אין זיין משפּט איז גערעכט

1

גאָט אין זיין משפּט איז גערעכט,
מ'טאָר קיין מאָל נישט זאָגן,
אַז גאָט פּוט שלעכט.
וואָרן גאָט ווייסט וואָס ער טוט,
אומזיסט שטראָפט ער קיינעם ניט,
גאָט אין זיין משפּט איז גערעכט.

2

דער ייד האָט אין זיין לעבן
אַ טרייסטוואָרט אויף זיין בראָך.
און דאָס האָט אים געגעבן
זיין אַלטער זיידע נאָך.
און וואָס פאַר אַ שלעכטס עס טרעפט דעם יידן
און וואָס עס זאָל אים נישט געשען
נעמט ער אַלין צו שטיל און צופרידן
גלייך ווי גאָרנישט געווען.
זיין פנים ווערט בלאַס,
זיינע אויגן ווערן נאַס,
זיין האַרץ ווערט פאַרגאָסן מיט בלוט.
ער האָט צרות פיל, דאָך ליידט ער שטיל,
ער ווייגט זיך גוט אויס און זאָגט,
אַז גאָט אין זיין משפט איז גערעכט.

3

במעט אין אַלע דורות שטייט איין המן אויף
און זוכט מיט אַלע כוחות
דעם שוואַכן יידעלעס סוף.
איך איצט אין צוואָנציקסטן יאָרהונדערט
אוי פריינט, דערינערט מען אייך
געהרגעט, געיאָגט, געפלינדערט
דאָרט אין צאַרן-רייך.
אַ שלעכטער איוואַן,
אַ הונט קרושעוואַן
האָט געזויגן דאָס בלוט פון דעם ייד.
אוי, אַ שרעקלעכן ים
האָט געמאַכט דער פאָגראָם
און דער ייד זינגט זיך ווייטער דאָס ליד :
אַז גאָט אין זיין משפט איז גערעכט,
מ'טאָר קיין מאָל נישט זאָגן, אַז גאָט טוט שלעכט
הערן גאָט ווייסט וואָס ער טוט,
אומזיסט שטראָפט ער קיינעם ניט,
גאָט אין זיין משפט איז גערעכט.

# TZVEY VELTN

Modto (♩ = 112)

Her oys nor un makh mir klor un
gib mir tzu far- shteyn, vos ken dos ba-day- tn: Stol- bes hoykh un
a drot oykh shtey- en un tzey- ln vi - fl may-ln in a
ki-desh-gloz, —— mit an ay - zer - - ner noz, ———
es ken ——— dokh zayn, az zi iz ful mit vayn
oy un ef - sher zol ikh zo - gn, ——— az men zol
me - gn tro - gn, hot men ge-makht fray- tik far nakht.
Un - ef - sher ge - rikht oyf - tzu - hen — gen greyt
ho- bn di protch-kes ge - makht tzu tri- ke - nen i - ber nakht. Haynt

# צווי וועלטן

1

הער אויס נאָר און מאַך מיר קלאָר
און גיב מיר צו פאַרשטיין, וואָס קען דאָס באַדייטן.
שטאָלבעס הויך און אַ דראָט אויך
שטייען און ציילן וויפל מיילן
און אַ קדוש־גלאָז מיט אַן אייזערנעם נאָז —
עס קען דאָך זיין, אַז זי איז פול מיט וויין.
אוי און אפשר זאָל איך זאָגן,
אַז מען זאָל מעגן טראָגן
האָט מען געמאַכט פרייטיק פאַרנאַכט
און אפשר גריכט צו הענגען גרעט
האָבן די פּראָטשקעס געמאַכט
צו טריקענען איבער דער נאַכט.

vos iz dos a- zoy hoykh un hin- te- rn shtot oykh un oyf dem
gle- zl iz mir a khi- desh az men zol ma- khn derprotchkes ki — desh.
oy oy oy —— ta- ra ra ra ra ram oy oy oy —— ta- ra ra- ra- ra- ram
oy oy oy —— ta-ra ra-ra-ra-ram ta — ra- ra — ram ta- ra- ra - ta- ra — ram

הײנט וואָס איז דאָס אַזוי הויך
און הינטערן שטאָט אויך
און אויף דעם גלעזל איז מיר אַ חידוש,
אַז מען זאָל מאַכן דער פּראַטשקעס קידוש.

כאָר: אוי-אוי-אוי, טאַ-ראַ-ראַם, אוי-אוי-אוי אאַז"וו.

2

הער אויס נאָר און מאַך מיר קלאָר
און גיב מיר צו דערקלערן, וואָס קען דאָס ווערן:
אַ שטוב די הויך און פון איר אַ רויך
און אין אײזן אַ געזונטן, מיט רעדער אונטן
און עס לויפט איבער דער גאַס אָן אַ פערד
און שרײט טשיקאַווע, פונקט ווי אַ פּאַווע
און הײזער שלעפּט ער מיט אַ כּח
און אונטן גיסט זיך וואַסער
און אויבן גײט אַ רויך.

כאָר: אוי-אוי-אוי, טאַ-ראַ-ראַם, אוי-אוי-אוי אאַז"וו.

3

איך בין אין שטוב אַרײַן, איז דאָרט צוגעקליבן גאַנץ פײַן
שטײען נעבן מיר שיך-גאַלאָשן אָן אַ שיעור. קלער איך זיך בײַ זיך:
מען טאָר נישט אַרײַן אין שיך.
בין איך געוואָרן דערשראָקן און בין אַרײַן אין די זאָקן-גאַמאַשן.
אוי דאָ שטײט אַ מײדעלע אַ שײנע
מיט אַ הערצעלע אַ הויל-דערקאָלטע
און דער בעל-הבית איז בגילוי ראש
און אַ גויאישע מאַמקע שטײט בײַ דער קלאַמקע.
און דאָס ייִנגעלע הײסט פּיפּקע און דאָס מײדעלע ליזקע
און די קינדערלעך צווישן זיך רעדן רוסיש גאַנץ גיך.
הײנט זאָג זשע מיר גאָטעניו דו מײַנער
וואוהין בין איך דאָ אַרײַן
און גיב מיר צו פאַרשטײן
צי זענען זײ ייִדן צי גוין.

כאָר: אוי-אוי-אוי, טאַ-ראַ-ראַם, אוי-אוי-אוי אאַז"וו.

# DOS VORT «NU»

Recitando

Dos vort «NU» — iz bay zikh prost un kleyn — un in
le-bn shpilt es a gantz groy-se ro-le. — vu tzu shte-In dos
vort, muz ye-der far-shteyn un mit vos far a me-lo-di es tzu

rit. REFRAIN All° (♩= 138)

zin — gen. Nu nu nu nu nu, — oy zhe, nu nu — nu,
oy zhe, nu nu nu — nu — nu nu, oy nu nu nu
oy zhe, nu nu — nu oy zhe, oy zhe, nu — nu nu.

# דאָס וואָרט נו

1

דאָס וואָרט נו איז ביי זיך פּראָסט און קליין
און אין לעבן שפּילט עס אַ גאַנץ גרויסע ראָלע
און ווי צו שטעלן דאָס וואָרט מוז יעדער פאַרשטיין
און מיט וואָס פאַר אַ מעלאָדיע צו זינגען — נו.

כאָר :

אוי, נו נו נו, אוי, נו נו נו, אוי, נו נו נו, נו, נו.

2

באַלד צום אַלעם ערשטן לערנען די עלטערן דאָס קינד
דאָס וואָרט נו פריער פאַר אַלע זאַכן
און ווי דערפרייט ווערן זיי
ווען דאָס קינד נעמט איבער געשווינד
און עס קען שוין מאַכן נו, נו, נו.

כאָר :

אוי, נו נו נו, אוי, נו נו נו, אוי, נו נו נו, נו, נו.

3

און אַז דאָס קינד ווערט עלטער
ווערט דאָס פרומער אַ סך
באַרן דאַווענען צו עסן
איז נישט קיין דרך־ארץ.
וואָרן דאָס וואָרט נו
פאַרשפּאָרט אַ שפּראַך
און עס איז אויף אַלעם אַ קשיה און אַ תירוץ.

כאָר :

אוי, נו נו נו, אוי, נו נו נו, אוי, נו נו נו, נו, נו.

# INHALT


MAMENYU LYUBENYU ........ 17
IKH GEY SIKH MIR TZUM BRUNEM ........ 18
YORN TZIEN, YOR FLIEN ........ 19
DI ZUN FARGEYT FAR NAKHT ........ 20
DOS BOYMELE ........ 21
OYF DEM BEYS-HAKVORES ........ 22
DI FARLOZENE ........ 23
A TZAVOE FUN A MUTER FARN TOYT ........ 24
GANOVIM-LID ........ 26
DOS PASTEKHL ........ 27
DER PASTUKH ........ 28
DOS PASTUKHL ........ 30
IKH VUNDER ZIKH OYH KEYNEM ........ 31
YROUSHOLAYIM SLAVNY GOROD ........ 32
A NEYTORN ........ 34
DI FABRIK ........ 36
BENKSHAFT ........ 37
DER ALTER MAN ........ 38
DINEN DINEN ........ 42
VINT... VINT... ........ 44
VIFL HOT DER YID ........ 45
DOS OYG ........ 46
DOS YIDELE ........ 48
IN DER ALTER TZAYT ........ 50
DI SHTUNDE SHLOGT OYS ........ 52
DI MESOYRE ........ 54
DI BLUM ........ 56
MEKHADESH ZAYN DI LEVONE ........ 60
DI AYZN-BAN ........ 62
SHABES MAKHN ........ 63
SHABES ........ 64
NISIM ........ 65
EREV PURIM ........ 66
DEM REBNS VUNDER ........ 67
FIRT DEM REBN ........ 68
DER TZVIYAK ........ 70
VU NEMT MEN PARNOSE ........ 72
GOT IN ZAYN MISHPET IZ GEREKHT ........ 74
TZVEY VELTN ........ 76
DOS VORT « NU » ........ 78

# LIDER

## GEZUNGEN FUNEM FOLK

GEZAMLT
FUN
NUKHEM SHAKHNOVSKY
(NATAN)

FARLAG NATAN
PARIS 1958